מ. קראַוועץ

# אויף די וועגן פון ווינט

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג פראָלעטאַרישע משפחה
ניו־יאָרק, 1928

# אינהאַלט:

אונזערע קינדער — 5
די טויטע שטאָט — 15
לעבן — 23
עלם הויז — 34
דזשעק — 43
ווען איך בין יונג געווען — 52
שטויב — 66
האַרטע ערד — 79
זיין זיג — 88
די הייליגע מאַריאַ — 97
די שטים פון בלוט — 109
וואַנדערער — 125
צו די שטערן — 138
באַרג אַרויף — 153
אַ נייער טאָג — 161
מיין חלום — 175
סאמבער — 187
בריוו — 199
פלאַמען — 209

# אונזערע קינדער

ער האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און מיך געפירט. איך בין נאָכגעגאַנגען. איך האָב אפילו ניט געקוקט וואוהין. פון מיינטוועגן אפילו צום שוואַרץ־יאָר! קאַלט איז מיר געווען, און דעם דריטן טאָג ניט געגעסן. טאָ וואָס איז שוין פאַראַן וואָס צו זאָרגן? דער טייפל וועט זיכער מיין הינטישע פעל ניט נעמען.

ער איז געווען אַ הויכער פעסט־געבויטער מאַן. אַזאַ רויטע קאָפּ האָר האָב איך נאָך ניט געזען. די גאַנצע צייט האָט ער געשוויגן, ניט געקוקט אויף מיר, ווי איך וואָלט אויף דער וועלט ניט געווען. ענדלאַך זיינען מיר צוגעקומען צו אַ גרויסער געביידע, אַ פּאָר גאַסן פון איסט־ריווער. אויפ׳ן טיר מיט האַלב־אָפּגעריבענע בוכשטאַבן איז געווען אָנגעשריבן „די היים פון גאָט״, אונטן מיט קלענערע בוכשטאַבן, מיט די זעלבע אָפּגעריבענע ווערטער: „אַלע זינדיגע זיינען ווילקאָמען״. איך האָב אַ שמייכל געטאָן, כאָטש די קישקעס האָבן מיר געדרייט אין בויך און דער קאָפּ האָט מיר געפיבערט. דאָך האָב איך געהאַט פאַרגעניגן פון געדאַנק, אַז צו זעכצן יאָר בין איך שוין אַ זינדיגער.

אונטן איז געווען דער עס־צימער. גרויסע, לאַנגע טישן. אויבן זיינען געווען די דאָרמיטאָרים, וואו בעטלאַך זיינען געהאַנגען איינע איבער די אַנדערע, ווי אין אַ קאַזאַרמע. אין אַ גרוימען קעלער איז געווען אַ לייבּרערי, וואָס איז באַשטאַנען דערהויפּט פון פרומע ביכער. אין רעכטן פליגל פון דער הויז איז געווען אַ קירך, וואו די איינוואוינער פלעגן אינדערפרי און פאַרנאַכט זיך רייניגן פון זינד. אַ סך קינדער זיינען דאָרטן געווען. אינגערע און עלטערע. אַלע מאָל פלעגן גרופּעס פאַרשווינדן און קומען צוריק, און אַמאָל קיינמאָל מער ניט.

ער האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אָפיס. דאָרט איז געזעסן אַן עלטערע מיידל מיט אַן איינגעדאַרט פּנים, מיט אַ שפּיציגער נאָז און מיט קרומע אויגן. זי האָט זיך שנעל אויפגעהויבן, ווען זי האָט אונז דערזען אַריינקומען, איז געשטאַנען מיט ערנפורכט און געוואַרט, ער זאָל אָנהויבן ריידן.

„...שוועסטער מילדרעד, פאַרשרייבט דעם מענטשל. דערנאָך רופט שוועסטער אַגנעס, און זעט, ער זאָל קריגן עפּעס קייען. די ריפּן וועלן באַלד באַ אים צעפאַלן“.

„גוט, ברודער מערוויק, איך טו דאָס גלייך!“ — און דאָ האָט זיך באַוויזן אַזאַ הינטישער שמייכל אין אירע אויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרשלינגען דעם געזונטן מערוויק.

„וואָס איז דיין נאָמען?“, — האָט זי אָנגעהויבן.

„אייזיק בערמאַן“.

זי האָט מיר אָנגעקוקט מיט אירע קאַסאָקע אויגן.

„וואָס, דו ביסט אַ איד?“

איך האָב זיך צעלאַכט.

„ניין, אַ טערק, מיין טייערע!“

„זיי ניט צו קלוג! דו ביסט אַ קינד פון אַ פאַרשאָלטן פאָלק. זיי האָבן יעזוס'ן געקרייציגט, דעריבער גיסט זיך זייער בלוט ביז היינטיגן טאָג“.

איך בין געווען ריכטיג בייז. ווען איך בין ניט אַזוי הונגעריג וואָלט איך געוויזן דער צוויג וואו צו אַראָפּגיין! אַזוי האָב איך געשוויגן. וואָס איז פאַראַן צו ריידן צו אַזאַ העסלאַכער ווייב? איר נשמה מוז זיין אַזוי ברודיג און צודרייט, ווי אירע אויגן.

פּאַרטיג געוואָרן, איז אַריינגעקומען אַגנעס. אַ פיינע שטיק פלייש, ניטאָ וואָס צו ריידן. גלייך דערקאָנט איינע, וואָס איז ערגעץ אַרוים פון אַ הייזל, געווען ערגעץ אַ פאַרקויפערין פון פרויען־לייב. איך האָב געקאָנט איר מין! איצט האַנדלט זי מיט גאָט. בעסערע געשעפטן אודאי, וואָס דען? עס האָט ניט געהאָלפן איר

גלאָצן מיט די אויגן. איך בין שוין געווען באַלד זיבעצן, יונג, אַ ברען, הויך, מיט געזונטע הענט. איך האָב פיינט געהאַט די הינטישע שטיק. וואָס דיינקט זי, זי האָט דערטאַפּט אַ יאָלד?

זיצן מיר אַרום טיש. יעדער האָט שוין גענומען זיין עסן: צוויי שטיקלאַך ווייסע ברויט מיט אַ שטיקל ווייסע פיש, וואָס האָט אודאי אַמאָל געלעבט; די פיש זיס, קלעפּיג, נודיעט באַם האַרצן! מ'קאָן דאָס צום מויל ניט נעמען. די זופּ איז ניט בעסער.

איך טראַכט: וואָס קען מען דערוואַרטן פון מענטשן, וואָס ריידן פון גאָט, און די הערצער זייערע זיינען ליידיג?

פאַר דעם טייערן עסן האָב איך נאָך געדאַרפט מאַנקירן דאָס געשיר. מיר האָבן געהאַט אַן אויפזעער, אַ יונג מיט פּימפּלס, איין אויג האָט באַ אים גאָט צוגענומען, דערפאַר האָט די צווייטע געברענט מיט האַס! און ווען ניט אַגנעס, וואָלט מיין שטיין אין דער הייליגער הויז געווען צו ענדע, און דער יונג מיט דער איין אויג, וואָס האָט געהייסן וואַק, וואָלט געקראָגן צעהאַקט זיין שנוק! זאָל דער לומפּ זיך ניט טשעפּן צו פיינע מענטשן; זאָלן לייז צעפרעסן זיין ווערימדיגן לייב.

אין דער דאָרמיטאָרי האָבן געשלאָפן באַ דרייסיג שטיק! די פענסטער זיינען געווען גרויסע, און דורך זיי האָט מען געקענט זען דעם „איסט ריווער"; מיר האָבן געהאַט אַ שטונדע צייט, האָבן מיר זיך אַרומגעקליבן אינמיטן חדר באַ דעם גרויסן טיש צו שמועסן אַביסל, אַ ווינטל האָט געבראַכט אַ גרוס פון וואַסער. אַ ביינקשאַפט האָט זיך פאַרשפּרייט אין דעם גרויסן צימער.

דערציילט אַ בחור פון אַ יאָר פופצן:

„נעכטן בין איך אויפגעשטאַנען פרי; די וואַנצן האָבן ניט געלאָזט שלאָפן. גיי איך אַרונטער שטיל די שטיגן, גיי פאַרביי מעריקס צימער. ערשט עס עפנט זיך די טיר, און די הייליגע אַגנעס רוקט זיך אַרויס אין אירע נאַכט-קליידער. געזען, אַז איך קוק איר אַזוי נאָך, ווערט זי צו מיר פּלוצים אַזוי גוט און רופט מיך צו זיך:

„הער מאַטעלע“, — זאָגט זי, — „ברודער מערוויק איז זייער קראַנק, ער האָט היץ, נעבאָך, בין איך געגאַנגען זען, וואָס ער מאַכט“.

איך שמייכל: „נעם איין אַ ניכפּע“, טראַכט איך, „איך וואָלט מיט דיר ניט פאַרבראַכט.“

אַ צווייטער, פון אַ יאָר אַכצן, באַ וועמען די הענט ציטערן, און ער האַלט אין איין רייבן זיין נאָז, זעט שוין, אַז ער איז פאַר־פאַלן; אַ דראַג־נוצער; דער קערפּער אויסגעדאַרט; איך בין זיכער, אַז ער וועט ענדיגן דאָס לעבן אין אַ משוגעים־הויז. ער רעדט, די אויגן עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך. באַטאָג פאַרקויפט ער צייטונגען. דריי דאָלאַר אַ וואָך צאָלט ער צו דער הייליגער הויז. יעדע איבעריגע פעני גייט אַוועק פאַר דאָופּ.

דערציילט ער:

„נעכטן האָט זיך מיר געחלומ׳ט, אַז איך בין ערגעץ אויף אַ באַרג, און אין דער טיפענ׳יש הילכן אָפּ גלעקער. אַזעלכע קלאַנגען האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט! טיף הינטערן באַרג מוז זיין מיין היים באַהאַלטן, און די גלעקער רופן, רופן! און איך ווייס ניט דעם וועג אַהין! און דאָ איז מיר שלעכט, זייער שלעכט!“

די טרערן רינען איבער זיינע באַקן, און מיר קלעמט שרעקלאָך דאָס האַרץ.

איינער אַ אינגל פון אַ יאָר זעבצן מיט אַ אידישן געזיכט, איינגעצוויגענע באַקן, אַזש די ביינער קריכן אַרויס ווי פון אַ סקעל־לעט. די איינציגע זאַך, וואָס צייגט צייכנס פון לעבן, זיינען די אויגן! אַזעלכע אויגן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען! שוואַרצע, גרויסע, מיט אַזאַ טרויער דאָרטן, אַז עס שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ, ווען איר טוט אַ קוק אין זיי. שפּעטער האָבן די יונגען מיר דערציילט, אַז ער איז אַ באַרימטער קעשענע־גנב, און אַז דער „הייליגער מערוויק נעמט באַ אים אַוועק די זאַכן פאַר האַלב אומזיסט“; רעדט דער בחור מיט שטילער שטים, אַז מ׳הערט קוים:

„איך געדיינק קוים מיין טאַטן. ווי אַ גרויע כמאַרע וואָלט איינגעוויקלט מיינע קינדער־יאָרן. איז אַ שטילער מענטש געווען, האָט געאַרבעט אין אַ קלאָוק־שאַפּ, געפּראַצעוועט דעם גאַנצן לעבן! איך געדיינק זיין בלייכן פּנים און זיינע צעשראָקענע אויגן, ווי ער וואָלט שטענדיג געווען אונטער דער שרעק פון אַ בייטש. די מאַמע איז געשטאָרבן, ווען איך האָב דערזען די וועלט. דער טאַטע האָט שפּעטער נאָכאַמאָל גענומען אַ ווייב, געוואָלט מיר געבן אַ מאַמע.

„זי איז ניט געווען אַ שלעכטע צו מיר, קיינמאָל מיך ניט געטשעפּעט, מיך געלאָזן זיין אַ פריייער פויגל. נאָר צום טאַטן איז זי געווען שלעכט, זייער שלעכט; זי איז געווען אַ געזונטע ווייב מיט אַ ווייס־יאָדערדיג לייב, מיט שטאַרקע ליידנשאַפטלאַכע אָרעמס! דער טאַטע איז געווען ווי אַ צעקוועטשטער לעמאָן. פון שאַפּ פלעגט ער קומען אַ טויט־בלאַסער, אָן קרעפטן, האָט אפילו ניט געקענט אָפּעסן זיין שפּייז. ער פלעגט ליגן אין בעט און שווער אָטעמען.

„אַ סך נעכט האָב איך ניט געקענט שלאָפן. איך האָב געהאַט אַזעלכע משוגענע געדאַנקען, האָב איך געהערט, וואָס עס טוט זיך הינטער דער וואַנט! זי האָט געוועקט דעם טאַטן, געמאָנט ביי אים, און ער איז געלעגן, ווי אַ פּגר, און זיך ניט געקענט רירן! עס איז געווען אַ רחמנות אויף איר, און איך האָב געוואוסט, אַז עס וועט אַזוי לאַנג ניט קענען אָנהאַלטן.

„איך בין שוין געווען אַ יונג פון אַ יאָר ניין, ווען איך בין געקומען איינמאָל אַהיים. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, בין איך אַדורך דורך דעם פייער־עסקייפּ, געדאַרפט פאַרבייגיין איר בעט. דורך דעם אָפענעם פענסטער האָב איך אַלץ געזען. איך האָב גע־קאָנט דעם יונג. וואָס האָב איך געקענט טאָן? בין אַראָפּ צוריק, אַוועק אין אַ ווינקל זיך אויסוויינען.

„שפּעטער איז עס געווען אַ שטענדיגע פּאַסירונג. דער טאַטע האָט אויך געוואוסט און האָט געשוויגן. נאָר ווען מיר זיינען אַמאָל

געבליבן אַליין אין הויז, האָבן זיינע דאַרע אָרימס מיך געדריקט צו אים, און מיר פלעגן ביידע וויינען! גוט, וואָס ער איז דעמ־זעלבן יאָר געשטאָרבן! איך וויים, אַז גאָט וועט מאַכן פּלאַץ אין הימל פאַר אים! אַמאָל פיל איך, ווי ער שטייט באַ מיין בעטל, קוקט אויף מיר, און זיינע דינע פינגער גלעטן מיינע האָר, און ער רופט מיך, און איך קען ניט גיין. עס איז מיר אַזוי שווער צו לעבן; איך פאַרשטיי ניט דעם גאַנצן פּלאַנטער, און שטאַרבן קען איך ניט...״

מיר האָבן אַלע פאַר אַ מאָמענט געשוויגן. איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער. איך האָב געמוזט האָבן לופט. ווען איך בין צוריקגעקומען צום טיש, איז געשטאַנען אַ פעטינקער אינגל מיט פּוכקע באַקן מיט טויטע קאָלירלאָזע אויגן און האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אַלע האָבן פאַרלאָזן דעם טיש און זיינען אַוועק צו זייערע בעטלאַך. איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט. איך האָב שוין אַ סך מאָל געזען ענלאַכס. די אויגן האָבן מיר אַלץ דערציילט. ער איז געווען איינער פון די באַששעפענישן, וועלכע די האָמאָ־סעקסואַליסטן באַנוצן פאַר זייער קראַנקלאַכער ליידנ־שאַפט; ער איז געשטאַנען פאַר אַ מאָמענט מיט אַן אָפענעם מויל, די אָרעמס צונומען, דערנאָך הילפלאָז זיך אַוועקגעשאַרט צו זיין בעטל.

זיינען אַוועק טעג און וואָכן, איך בין נאָך אַלץ געווען אין דער הויז, פאַרוואָס ווייס איך ניט? עס קאָן זיין, אַז עס איז דערפאַר, וואָס איך האָב בעסערעס ניט געהאַט. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געאַרבעט באַ אַ פּרוכט־סטענד, און אַז איך פלעג קומען אין דער הייליגער הויז, בין איך געווען צו־מיד עפּעס אַנדערש צו טאָן. איך האָב ליב געהאַט זיצן אין לעזע־זאַל און לייענען די הייליגע ביכער. עס איז געווען גרינגער צו טרוימען און לעבן, ווען איך האָב געגלויבט.

אַגנעס איז געווען גוט צו מיר. דערפאַר פלעג איך קנייפּן איר פעטן קערפּער, און זי האָט מיר שיער ניט צודריקט אין אירע

אַרעמס. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וואָלט מיך גענומען צו זיך אין צימער, נאָר זי האָט מורא פאַר דעם הייליגן מערוויק:

„ער איז אייפערזיכטיג, ווי אַ קאַץ! קום אַמאָל צוגיין באַטאָג אַהיים, איך וועל וואַרטן אויף דיר".

עס איז געווען די דריטע וואָך, ווען מיר האָבן געקראָגן אַ מאָדנעם גאַסט. ער האָט געהאַט אַן איידל פּנים מיט בלויע גרויסע אויגן, בלאָנדע האָר מיט גרויסע אויגן־ברעמען. מ'האָט אים גע־געבן דאָס צווייטע בעטל פון מיר, און איך האָב זיך געשעמט פאַר זיין זויבערקייט. די יונגען האָבן געקוקט מיט קרומע בליקן אויף אים; ער איז ניט געווען פון אונזער וועלט.

ער איז געגאַנגען פריער שלאָפן פון אונז, און שפּעטער, ווען איך האָב באַטראַכט, אונטער דער שיין פון דער לבנה, די שטריכן פון זיין געזיכט, דעם נערוועזן צוקן פון זיינע ברעמען, האָט מיר דאָס האַרץ געדריקט פאַר ווייטאָג, און איך האָב באַשלאָסן צו ווערן זיין פריינט.

עס איז געווען זונטאָג פרי; דער טאָג איז געווען אַ קילער, כאָטש די זון האָט געשיינט. איך בין געלעגן דעם פרימאָרגן און ניט געקענט שלאָפן, האָב געטראַכט, ווען צו פאַרלאָזן דאָס הייליגע הויז מיט די גרויע ווענט. ערשט דער נייער יונג שטייט אויף, קריכט אַראָפּ פון בעטל, שטעלט זיך אויף די קני, לייגט אויף די הענט, און זיינע ליפּן מורמלען פרום, און די אויגן פאַר־מאַכט. איך זע דורך אַ ווינקל פון מיין אויג, ווי טרערן רינען איבער זיינע באַקן און זיין גאַנצער קערפּער צוקט און ציטערט.

איך האָב געוואַרט, ביז ער האָט זיך אַרומגעוואַשן און זיך אָנגעטאָן, איך בין אים נאָכגעגאַנגען. ער איז געשטאַנען אין דרויסן בײַ דער טיר; זיינע אויגן האָבן זיך געשפּילט אין דער ווייטקייט. איך האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף זיין אַקסל. ער האָט זיך אומגעקוקט, אַ זוניגן שמייכל געטאָן.

„מיין נאָמען איז אייזיק! וואָס איז דיינער?"

ער האט א שמייכל געטאן:

„מיטשל".

„קום אביסל אראפ צום וואסער", — זאגט ער, — „עס איז דארטן שטיל, עס וועט זיין גוט צו זיצן דארטן".

מיר זיצן באם פיר, ס'איז אזוי שטיל. שווימט פארביי א זעגל־שיף, פארגייט ווי א טרוים, א פאר קליינע שיפלאך שפייען דאמף, קייקלען זיך אוועק, און מיטשעל קוקט אין דער ווייטקייט און מיר דוכט זיך, אז ער זעט דארטן עפעס וואס איך זע ניט.

„וואס זעסטו דארטן?" פרעג איך. ער ענטפערט ניט, נאר קוקט מיך אן אזוי מארנע. מיר ווערט אומהיימלאך.

„דו גלויבסט אין גאט, אייזיק?" איך קוק אים אן, ווייס ניט וואס ענטפערן „וואס פארא גאט מיינסטו?"

„פאראן איינער, אייזיק! איינער, ער איז אומעטום! זעסטו דען ניט, אין דער רואיקייט פון וואסער גאט'ס פנים? און אז ער שטורעמט און עס ברויזט דער בויך פון ים, קענסטו ניט זען זיין קראפט?"

„איך זע ניט גאט!" האב איך געזאגט שטיל. „איך קען זיך ניט פארשטעלן, אז ער וואלט באשאפן אזא מיזעראבעלע וועלט! עס איז ניטא קיין גערעכטיגקייט אין דעם דול־הויז, וואס מיר רופן לעבן! קוק זיך צו, מיטשעל, צו די קינדער אין דער הייליגער הויז, און דו וועסט אליין זען, אז איך קען ניט גלויבן דאס עמיצער איז דא אין הימל, וואס איז פאר דעם שולדיג..."

„גאט איז ניט שולדיג, אייזיק! ער האט גענומען די הימלען פאר זיך, די מענטשן האט ער געגעבן די ערד. נאט קינדער, איך גיב אייך א היים, איך גיב אייך די שפיל פון די הימלען, די מיסטעריע פון א קלאנג, די ליד פון וועלדער. נעמט בארג און טאל, פעלד און וואלד, מאכט זיך, ווי די פויגל א נעסט. ברייננגט פרייד, איינע די אנדערע". ער איז פאר א מאמענט שטיל געווארן. דערנאך האט ער פארטגעזעצט

„דו ווייסט, אייזיק! גאָט קומט צו מיר יעדע נאַכט און זאָגט צו מיר: דו מוזט זיין דער דערלייזער פון דער וועלט! די מענטשן־קינדער זיינען שלעכט! קוק, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מיין ווערק. די ערד האָבן זיי פאַרזייט מיט בלוט. די קינדער שרייען פאַר הונגער אין די וויגן! זאַטקייט דערשטיקט דעם געשריי פון די עלנדע. איך וועל זיי אַנשטאָט פרידן געבן א שווערד! איך וועל פייניגן די זאַטע, ווי זיי פייניגן מיינע קינדער. קום, מיין קינד, ווער זייער דערלייזער! א ניט וועט מיין צאָרן זיין גרויס און איך וועל זיי אָפּמעקן פון דער ערד!“

זיינע אויגן האָבן זיך געצונדן, ווי א וואַלד פייער, די באַקן האָבן געברענט ווי שטיקלאַך פלאַמען. ער האָט צוזאַמען געדריקט זיינע קליינע הענט און איך האָב געפילט א געהיימע שרעק.

„מיין מאַמע פאַרקויפט די פלייש פון אירע טעכטער“, האָט ער ווייטער גערעדט, „זאַטע קויפן זייער פלייש! א רויטע ליכט ברענט אין הויז, זינגט די ליד זינד, איך האָב געמוזט אַוועק, פרעמד איז פאַר מיר דאָס האַרץ, אונטער וועלבן איך בין געלעגן! דאָס בלוט פון מיין בלוט איז פאַר מיר פאַרשאָלטן! אין מיין האַרצן שרייט די שטים פון אַלע עלנדע! איך מוז זיין זייער דערלייזער, איך מוז“.

איך בין געקומען צוריק צו דער הייליגער הויז; מיטשעל איז געגאַנגען א שווייגנדיגער לעבן מיר. שפּעטער ווען עס איז שוין געווען האַלבע נאַכט, האָבן מיינע מידע אויגן זיך קוים פאַר־מאַכט. דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָט א פּראָסטיגע שרעק מיך געדריקט, און מיין שלאָף איז געווען ווי א קאָשמאַר.

ווען איך בין אויפגעשטאַנען, איז שוין מיטשעל ניט געווען. קיינער האָט ניט געזען, ווען ער איז אַוועק. קיינמאָל האָב איך שוין די בלויע אויגן ניט געזען אָפּן! טעג שפּעטער האָט מען זיין קערפּער געפינען אין איסט ריווער, אַזוי איז געשטאָרבן דער דערלייזער. די קינדער האָבן זייער לעצטע פּעני אַוועקגעגעבן,

געקויפט א קעסטל פון מעהאגעני, אויסגעלייזט זיין קערפער פון „פאטערס־פעלד“, בלומען געבראכט, ווייסע ווי שניי, און די קינדער פון דער הייליגער הויז, — —אונזערע קינדער, — האבן געוויינט אויפן קבר פון דערלייזער.

# די טויטע שטאָט

ניט ווייט פון האַפן, געפינט זיך אַן אַלטע גאַס, אַן אָפּ־געלאָזענע מיט האַלב איינגעפאַלענע הייזער. אַמאָל איז די גאַס געווען פול מיט לעבן פון דעם שטענדיגן טומל אויפן האַפן, פון קומען און פאַרלאָזן פון די שיפן. די מאַטראָסן, זינגענדיג מיט דער אומרו פון ים אין זייערע אָדערן, פלעגן קומען אַ לעב טאָן אין דעם טייל שטאָט, וואו זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי וועלן געפינען אַלץ, וואָס זיי באַגערן: פרוי און ווייַן.

דאָס אַלץ איז געווען מיט יאָרן צוריק, איידער דער נייער פּאָרט האָט זיך אויסגעבויט אין אַנאַנדער טייל שטאָט. ביסלאַכ־ווייז איז דער טייל פאַרלאָזן געוואָרן, אויסגעטריקנט האָט די פרייד פון די גאַסן. זעלטן ווען אַ פּראַכט־שיף אַנקערט צום ברעג. ניטאָ מער די רויטע ליכט, וועלכע פלעגן רופן די וואַנדערער צו זיך. פינסטערער און איינזאַמער זיינען געוואָרן די גאַסן. בלויז די געפאַלענע, וואָס זיינען צודריקט געוואָרן פון לעבן, אָדער די יעניגע, וואָס האָבן געהאַט אורזאַכן זיך צו באַהאַלטן פון דער ליכט פון טאָג האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט.

אַ הויז מיט די גרויע האַלב איינגעפאַלענע ווענט האָט באַ־לאַנגט צו דער „מאַמע" טאַמאַראַ. אַלע אין דער טויטער שטאָט האָבן טאַמאַראַ'ן געקענט, ווי אַ שאָטן האָט זי זיך געדרייט צווישן די האַלב איינגעפאַלענע הייזער, הויך און דאַר, מיט אַן אַרויס־געסטאַרטשעטע געזיכט, מיט איר האַלב משוגע'נעם געלעכטער, וואָס פלעגט אָנפילן יעדן מיט אַן אומהיימלאַכן שרעק! דאָך איז זי איז געווען אַ גוטע די מאַמע טאַמאַראַ, און אַ סך פאַרוואָגלטע האָבן געפונען אַ היים און אַ דאַך אין קעלער פון שטוב און אַמאָל ברויט, ווען ברויט איז נאָר געווען.

פריינק איז נאָך געווען אַ גאַסט אין קעלער־שטוב, האָט זיך געפֿילט ניט היימלאָך אין דעם האַלב פֿינסטערן קעלער, מאַמע טאַמאַרא האָט אים געפֿונען אַ האַלב פֿאַרהונגערטן ניט ווייט פֿון הויז. מיט דער הילף פֿון אַנדערע האָט זי אים צו זיך אַריינגענומען, געוואַשן זיין געזיכט מיט קאַלטע וואַסער, אים אָוועקגעגעבן דעם לעצטן ביסן ברויט פֿון הויז. שפּעטער ווען ער איז געשלאָפֿן אין אַ ווינקל אויף אַן אַלטן מאַטראַץ, האָט זי זיך שטיל איינגעבויגן איבער אים, איינגעדעקט מיט אַלטע שמאַטעס, און אויף איר ציטערדיגע ברעם האָט זיך אַ טרער באַוויזן. — אַ מאָדנע איז זי געווען, די מאַמע טאַמאַרא. ווער ווייס? וואָס אין איר לעבן האָט פּאַסירט? פריינק איז נאָך יונג געווען, עטוואָס איבער צוואַנ־ציג, הויך און שלאַנק און אויסגעבלייכט. די מאַמע טאַמאַרא האָט געוואוסט די ליידן פֿון הארטן לעבן.

ווען פריינק האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, איז שוין געווען אָוונט. אין דרויסן איז געווען אַ שטורעם, מען האָט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פֿון וואַסער אין דעם ברעג. אין דעם קעלער איז פֿינסטער געווען, און פֿון ווינקל האָט אַ דינער שטראָם וואַסער אַריינגערונען. אין צווייטן חדר איז געווען ליכטיג, און שטימען האָבן זיך געהערט. פריינק איז אויפֿגעשטאַנען, האָט אַ ציטער געטאָן, דער קאָפּ איז אים שווער געווען און דער קערפּער האָט געפֿיבערט.

מאַמע טאַמאַרע האָט אים דערזען, אַ שוידערדיגן לאַך געטאָן. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט און אים צוגערופֿן.

געזעסן זיינען זיי אין אַ קרייז. אויף אַ קעסטל איז געשטאַנען אַ פֿלאַש שנאַפּס, ברויט איז אויך געווען גענוג. טאַמאַרא האָט גענומען פֿאָרשטעלן פריינק׳ן פֿאַר אַלעמען. — אַ גרופּע פֿון אַכט מענטשן. אַלע אַלטע אָפּגעלעבטע, ווי דאָס לעבן האָט זיי אויס־געזויגן און אויסגעשפּיגן. פריינק האָט גענומען דאָס גלעזל שנאַפּס, וואָס די מאַמע טאַמאַרא האָט אים געגעבן, און עס אַראָפּגעשלינ־

גען מיט איין מאָל, דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען מיט די איבעריגע אינמיטן חדר.

די מאַמע טאַמאַרא האָט דערציילט, אַז די סאָלעווייש־אַן־אַרמיי גייט שיקן אירע סאָלדאַטן אין דער טויטער שטאָט און האָט זיך פריילאַך צעלאַכט. „איך קאָן די פייגעלאַך, וואָס טוען אַלץ אין גאָט׳ס נאָמען”. זי האָט אַ ווינק געטאָן מיט איר בעלמע אויג און אַלע האָבן זיך צעלאַכט. פריטשער עדי, מיט דעם פאַר־מעט געזיכט, מיט אַ שניט אויף דער רעכטער באַק און מיט אַ נאָז, רויט פון צופיל טרינקען, האָט אָנגעהויבן מיט זיין הייזעריגלאַכע שטים צו דערציילן:

„מיין אַלטער האָט געוואָלט איך זאָל ווערן אַ פּריסט. טראָגן אַ שוואַרצע קאַפּאָטע און פּרעדיגן צו אַלטע ווייבער. און איך, אַ שטיל קינד, האָב געפאָלגט און זיך געלערנט די וועגן פון גאָט”, עדי גיט שעלמיש אַ שמייכל.

„ענדלאַך דוכגעגאַנגען קאָלעדזש, אָנגעטאָן די שוואַרצע קאַ־פּאָטע און פאַרטיג. נאָר דער אַלטער איז נאָך ניט צופרידן. איך מוז גיין אין מאָנאַסטיר פאַר זעקס מאָנאַטן און דאָרטן צווישן פרומע לייט וועל איך זיך דערנענטערן צו גאָט.

„איינגעפּאַקט. אַ שיינער זומער־טאָג. דער מאָנאַסטיר איז אין ניו מעקסיקאָ, שטייט בא די ברעגן פון אַ גרויסע פּריירי, ווייסע טריקעניש ציט זיך אַוועק, נאָר דער מאָנאַסטיר, ווי אַ טראָפּישער אינזל, איז איינגעטונקט אין פּאַלמעס. עס איז ווייט פון שטאָט, אַ מיש פון קאָלירן. די גרינקייט פון די גערטנער, די וויים־קייט פון דער פּריירי און די שוואַרצקייט פון די מאַנטלען.

„איין זייט אונזער הויז — גרויע ווענט מיט שימל, דערנאָך אַ גאָרטן, ציט זיך פאַר אַ מייל, און די צווייטע זייט הינטער אַ שטיינערנעם פּאַרקאַן, אַ נאָנערי, וואו פרויען גיבן אַוועק זייערע לעבנס צו גאָט.

„עס איז געווען אַ זוניגער פרימאָרגן, מיט דער שטילקייט פון די פּריירים. איך בין אויפגעשטאַנען זייער פרי, האָב ארומגעשפּאַ־

צירט אין גאָרטן און בין צוגעקומען צום פּאַרקאַן, וועלכער האָט אָפּגעטיילט די גאָנערי, איין זייט פון וואַנט איז געווען איינגעפאַלן, און מען האָט געקענט זען, וואָס טוט זיך אויף דער אַנדערער זייט. איך בין געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער, געקוקט צו דער הויז, וואו דער לעבן באַהאַלט זיך. ערשט, ווי אַ שאָטן, וואַקסט אויס די עלטסטע שוועסטער, אַ דיקלאַכע פרוי מיט גרויע וואַסערדיגע אויגן. זי בייזערט זיך אויף מיר. „אַ שאַנד פאַר אַ גאָטספאָרכ־טיגן מענטשן צו קוקן צו זיי אין גאָרטן, גאָט וועט דיר פאַרגעבן דעם מאָל". איך טאָר אָבער ניט וואָגן נאָך אַמאָל צו קומען צו דעם פּלאַץ. זי בלייבט אַ מינוט שטיל, די וואַסערדיגע אויגן ווערן ליכטיגער. — זי וועט אַליין היטן די איינגעפאַלענע וואַנט ביז האַלבער נאַכט — זי ציט די ווערטער, — ב י ז  ה אַ ל ב ע ר נ אַ כ ט.

„נו, וואָס איז צו ריידן. דער טאָג איז געווען שרעקלאַך לאַנג. קוים זיך דערוואַרט דעם אָוונט. שפּעטער האָב איך זיך אַרויס־געשאַרט שטיל פון מיין חדר. מיין גאַנצער קערפּער האָט גע־פיבערט. געטראָפן האָב איך זי וואַרטנדיג — פאַר'ן האַנט האָט זיך מיך געפירט צו איר אין חדר. אין אַ ווינקל איז געהאַנגען גאָט'ס מוטער, אַ ליכט האָט געצאַנקט, זי האָט זיך איבערגע־צלמ'ט, פאַרלאָשן די ליכט און האָט זיך אָנגעהויבן אויסטאָן. — עדי האָט אויפגעהערט צו דערציילן און זיך ציניש צעלאַכט. — דאָס איז געווען מיין ערשטע באַרירונג מיט דער וועלט פון זינד.

פריינק איז געזעסן שווייגנדיג. ניט געווען וואָס צו ריידן און ווען אַלע זיינען שוין שפּעט באַנאַכט געשלאָפן, איז ער געלעגן מיט אָפענע אויגן און זיך איינגעהערט צום קלאַפּן פון די כוואַ־ליעס און דעם געוויין פון ווינט.

געבאָרן איז ער אין אָרימקייט אין אַ ליטוויש שטעטל, פאַר־דאַרטע פעלדער, בערג מיט אומעט. זייער הויז אַ קליינע, האַלב איינגעפאַלן. דער טאַטע אַ צעבראָכענער פון שטענדיגן אַרבעטן

און זאָרגן. די מאַמע אַ בייזע, אַ פאַרביטערטע, האָט שטענדיק געשריען אויף די קינדער, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס.

אומעדיקע קינדער־יאָרן. — געוועזן איז ער צופרידן צו פאַרלאָזן די היים. דערנאָך אַ פאַרוואָלגט לעבן, וואו די האַמערס האָבן אויסגעקלאַפּט און פאַרהאַרטעוועט זיין געפיל. נאָר אַמאָל נאָגט דאָס האַרץ, עס בענקט זיך. דער טייפל ווייסט נאָך וואָס? ער טראַכט, אַז ער האָט ניט געדאַרפט קומען אין שטאָט: זעקס יאָר אַ מאַטראָס, דורכגעשניטן די לייננג און ברייט פון די וואַסערן פון דער וועלט. און וואָס איצט? אָפּגרונט! וועט ווערן ווי „פּריטשער עדי", טרינקען און לעבן, ווי עס וועט זיך לאָזן.

אַ פּראַסטיקער פּרימאָרגן. פריינק איז אַרויס פרי, האָט געוואַנדלט איבער דער שטאָט, איינגעזאַפּט דעם טומלדיקן לעבן. אין דער איסט־סייד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט באַ יעדן פענסטער, יעדער איינער האָט אים דערמאָנט אָן זיין שטעטל. אַזוי פיל אידן, אַזוי פיל אידיש לעבן, שולן, גרויע בערד, און דער גאַנצער טומל פון אידישן יאַריד. פרעמדע וועלטן פון טרויער. אומעט פון זיין קינדהייט.

שפּעט האָט ער זיך אומגעקערט צו דער טויטער שטאָט. די מאַמע טאַמאַרא, מיד פון בעטלען אַ גאַנצן טאָג איז געזעסן האַלב דרימלדיק באַ דער וואַנט. אין קעלער־שטוב האָט געשמעקט מיט שלעכטן שנאַפּס, ווייטער איז קיינער ניט געווען. שפּעטער איז אַריינגעקומען „פּריטשער עדי", האָט געגעבן אַ שטויס מאַמע טאַמאַרע מיטן פיס. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט.

„וואָס ווילסטו הינטישע שקורע?"

„פאַרמאַך דיין מויל, אַלטע! הער זיך בעסער איין. מען האָט פריער אַוועקגענומען פינקען. אַוועקגעשלעפּט ווי אַ פגירה. די אַלטע האָט זיך שנעל אַ הויב געטאָן און אָנגעהויבן שילטן.

„הינט, וואָס זיי זיינען! מייז זאָלן זיי עסן זייערע ביינער! וואָס ווילן זיי פון אונזער לעבן? — נו, וואו איז העלען?"

"דאָס וויל איך דיר טאַקע דערציילן. געוואָלט איר אויך נעמען, האָט זיך אַריינגעמישט סטעפּאַן. עס איז געוואָרן אַ געשלעג, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט און אַנטלאָפן!" עדי צעלאַכט זיך, "דער טייפל וועט זיי אַ כאַפּ טאָן! פון פינקע'ן וועלן זיי קיין גוטס ניט האָבן. זי איז דורכגעפרעסן פון ווערים און וועט לאַנג ניט אויס־האַלטן!"

"עס איז אָבער בעסער שטאַרבן צווישן אייגענע, אויף דעם אייגענעם מיסט..." האָט מאַמע טאַמאַרע געזאָגט אַ טרויעריגע.

שפּעטער איז העלען געקומען. אַ יונגער געזיכט, נאָר פאַר־האַרטעוועט פון לעבן. שלאַנק, הויך מיט אויגן שפּילעוודיגע — פריינק האָט זיך דערפילט מאָדנע פריידיג מיט איר אָנקומען. די מאַמע טאַמאַרא האָט איר אַרומגענומען, צוגעדריקט צו דער אַלטער ברוסט, און זיי האָבן ביידע שטיל געוויינט. פריינק האָט באַ־האַלטן זיין געזיכט. נו, וואָס פאַרא הינטעשער לעבן.

שפּעט באַנאַכט. די פענסטער פאַרהאַנגען, נאָך אַמאָל זיצט מען אין אַ קרייז און העלען דערציילט וואָס האָט פּאַסירט.

"עטלאַכע טעג איז געקומען אַ גאַסט צו אונז. די מאַמע האָט אים אויפגענומען ווי אַלע געסט. באַצאָלט און אַוועק. נאָר איך האָב געפילט שווער אויפן האַרצן. די מאַמע איז קראַנק, זייער קראַנק. אַ וויסטער לעבן! געדאַרפט האָט זי שוין לאַנג גיין אין שפּיטאָל, נאָר ניט געהאַט געגוג זיך צו רירן און פילייכט וואָלט שוין גאָר ניט געהאָלפן? נו, ווער עס איז געקומען, האָט מיטגעשלעפּט גיפט אין זיין קערפּער! נו, דאָס אַרט מיך ניט. זאָלן זיי פוילן, ווי מיר.

"היינט איז געקומען די פּאָליציי, האָט אַוועקגענומען די מאַמען! מיך געוואָלט מיטנעמען. הייליגע מענטשן זיינען זיי דאָך! איך קען דאָך די הינט! בין איך אַנטלאָפן און זאָלן זיי די מייז צעפרעסן!

אין דעם קרייז איז געזעסן עמי, אַ ווייב אין די פערציגער, אַ האַלבע נאָז איז שוין געווען פאַרפוילט. דער געזיכט מיט גרוי־

בער — עס איז געווען שרעקלאך צו קוקן אויף איר. פריינק'ן האט געשווינדערט. — ווען זי האט געדערט, האט מען קוים געקענט הערן. אלע האבן געוואוסט, אז לאנג וועט זי שוין ניט לעבן. — נאר קיינעם האט דאס ניט געארט! דאס לעבן און דער טויט זיינען ענג געווען פארבונדן אין דער „טויטער שטאט".

„מיר לעבן ווי הינט און שטארבן ווי הינט!" האט עמי געפליסטערט. „זיי מעגן אלץ טאן פאר וואוילטאג, מיר טארן ניט טאן קיין זאך פאר הונגער! א וואו איז גאט'ס ווארט! ווען וועט דער טאג פון ראכע קומען?"

עס איז געווען א שרעק זי צו הערן ריידן: די וואונדן פון איר געזיכט האבן זיך צעעפנט, די רויע פלייש האט זיך ארויסגעזען און מאטעריע האט גערונען. מאמע טאמארא האט א משוגע'נעם לאך געטאן, „פריטשער עדי" האט זיך מיט די קולאקעס געקלאפט אין הארצן. פריינק האט פארמאכט די אויגן און נאר געזען נעלי'ן.

„עס וועט קומען א צייט, וועט די טויטע שטאט וועט אויפוואכן! מיר וועלן פארניכטן זייערע פאלאצן, צעשטערן זייער רו; זייערע קערפערס וועלן הינט און רויב פייגל עסן, און מיר, מיט אונזערע נעגל וועלן רייסן זייער פלייש, די גיפט פון אונזערע קערפערס וועלן מיר זיך צעטיילן מיט זייערע שיינע טעכטער, מיט זייערע גלאטע סאמעט לייבער..."

עדי האט זיך געוויגט הין און צוריק. די אויגן פייער, דער מויל פארקרימט.

„וועט אמאל אזא צייט קומען?" האט געקלאגט מיט איר קבר־שטימע עמי. „עס וועט קומען". — עדי איז געווען רואיגער אביסל, „עס איז שוין אמאל געווען. — אין פראנקרייך מיט א צייט צוריק, דארטן איז אויך געווען א טויטע שטאט! א קעניג מיט אריסטאקראטן, אין איין זייט הונגער און טרויער, אין דער צווייטער זייט מוזיק און אלע פריידן פון דער ערד".

„אין איין שיינעם טאג האבן די הונגעריגע און געפאלענע, ווי אשטראם, זיך א גאס געטאן איבער זייערע רייכע פאלאצן,

נעריסן זייערע קערפּערס, גענומען פאַר זיך די רייכע טעכטער, זיי געמאַטערט ווי זיי מאַטערן אונז! — אונזער טאָג וועט קומען אויך, זיכער קומען!"

אַלע זיינען שוין געשלאָפן, נאָר פריינק ניט. פריינק האָט זיך געשטיקט מיט זיינע געדאַנקען. אים האָט פאַרפאָלגט. עמי'ס ווערים, צופרעסענע געזיכט מיט די רויע פלייש־וואונדן, דערנאָך העלען מיט איר פרישן געזיכט, וואָס האָט אַזוי פיל דערמאָנט אָן פרילינג.

אַ פּאָר טעג שפּעטער. די מאַמע טאַמאַרא איז געקומען און מיט איר משוגע'נעם געלעכטער געלאָזט וויסן, אַ עמי שטאַרבט. ווען פריינק און העלען און „פריטשער עדי" זיינען געקומען, איז שוין געווען צו שפּעט.

עמי איז שוין מער ניט געווען. פריינק האָט ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן. זי האָט אויסגעקוקט שרעקלאַך אין איר טויט! פריינק האָט זיך דערמאָנט פון אַ טויטן הונט, וואָס ער האָט אַמאָל געזען אויפן וועג, מיט אַ קרעציג לייב, און די פליגן האָבן נעגעסן די רויע פלייש פון קערפּער. — ער האָט עס געפילט אין דער פאַרפעסטעטער לופט. ער האָט העלען'ען מיטגעשלעפּט מיט זיך צום וואַסער, וואו זיי זיינען געשטאַנען אַ לאַנגע צייט שווייגנדיג.

שפּעטער איז געקומען דער טויטן־וואָגן. דער קערפּער איז מער ניט געווען ווי איינגעוויקעלט אין אַ קאָלדרע, אַ שטיק נאַקעטע לייב האָט זיך אַרויסגעזען. אַ קאַץ האָט זיך צומיאַקעט. מאַמע טאַמאַרא האָט זיך ווילד צעלאַכט. אַ קבר וועט זיין פאַר עמי'ן אין פּאַטערס־פעלד, דאָרט, וואו אַלע היימלאָזע שלאָפן, אַמאָל וועלן זיי אויפוואַכן און די טויטע שטאָט וועט די לעבעדיגע פאַרשלינגען.

פריינק האָט געהאַלטן העלען'ס האַנט. זיי זיינען געשטאַנען אַליין באַם וואַסער — קום! — פריינק האָט זי גענומען אונטער'ן אָרעם. זי איז מיטגעגאַנגען. ניט פרעגענדיג וואוהין.

אַוועק, אַוועק פון טויטן שטאָט. ערגעץ ווייט, זייער ווייט.

# לעבן

דזשאָסיפּא האָט מייק׳ן אָרומגעוואַשן דאָס בלוט פון פּנים, אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ שמוציגן האַנטוך און האָט ביז אַ מאָך געטאָן

„דער דיק האָט דיר ריכטיג דערלאַנגט! נאָך אַביסל און דו וואָלסט געוואָרן באַגראָבן אין „פּאָטערס פעלד“.

מייק האָט אַן אומעטיגן שמייכל געטאָן און געזאָגט מיט פאַראַכטונג: „פיינע העלדן זיינען זיי! איך לויף און ער נאָך מיר און האַקט מיט דעם בלעק־דזשעק איבער מיין קאָפּ! ווען דער הונט פאַרטשעפּעט זיך ניט מיט זיינע ליימענע פיס אָן אַ קעסטל, וואָלט איך שוין איצט געווען אויף קעסט“.

דזשאָסיפּא האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט. די גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן זיך דאָן אַ צינד געטאָן, די האָר לאַנגע שוואַרצע, זיינעז אַראָפּגעפאַלן אויף זיין שטערן. ער האָט געקלאַפּט מיט דער האַנט אין טיש, „הערסט, מייק! מען דאַרף עפּעס אַנדערש טאָן! אָט פאַר צוויי דאָלער מיט זעכציג פּענים, וואָס דו האָסט אַרויסגעשלעפּט בײַ דער אַלטער ציג פון קעשענע, האָט מען דיך באַלד ניט דער׳הרג׳עט! מיר לעבן, ווי ווערים! ווי לייז, מען דאַרף אַנדערש לעבן, דו הערסט!“

מייק האָט געשוויגן. דער קאָפּ האָט אים וויי געטאָן, עס האָט אים געשטאָכן אין גאַנצן קערפּער. מייק איז געווען דער עלטערער, אַ הויכער מיט אַ גאַנץ שיינעם פּנים, שוואַרצע אידישע אויגן, און אַז ער פלעגט טראַכטן, האָט דער גאַנצער אידישער אומעט אַרויסגעשיינט פון דאָרטן. דזשאָסיפּא איז געווען אַ יונגער, אַ יאָר ניינצן. פון מיטעלן וואוקס און פיבערדיגע גלידער.ביידע

גאַסן־קינדער, האָבן זיי זיך באַקענט און איצט איז זייער פּריוואַט־שאַפט געוועזן אַ שטאַרקע.

„וואָס טראַכסטו, מייק?" האָט דזשאָסיפּאַ געפרעגט מיט אַ ווייבערישע שטימע. — „זאָג, עס טוט דיר שטאַרק וויי?"

„עס איז ניט דער ווייטאָג, דזשאָ! ניט דעם ערשטן מאָל צו כאַפּן קלעפּ! עס טוט אָבער דאָ וויי!" מייק ווייזט מיט׳ן פינגער אויפן האַרצן. „צו וואָס פרעג איך, האָט מען געדאַרפט געבאָרן ווערן? צו וואָס?"

„מען טאָר אַזוי ניט טראַכטן". — האָט דזשאָסיפּאַ שטיל געזאָגט. „גאָט האָט געוואָלט אַזוי, ער ווייס דעם צוועק, כאָטש מיר קענען גאָר ניט פאַרשטיין!"

„באַנק!" האָט מייק אַ זאָג געטאָן מיט פאַראַכטונג. „גאָט! אַלץ ער, און דו גלויבסט אין דעם אַלעמען?"

„וואָס דען גלויבט מען? אַזוי איז דאָך שלעכט, אומדער־טרעגלאַך! עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז דאָס גאַנצע לעבן איז אַזוי אָן אַ ציל?"

מייק האָט פאַרמאַכט די אויגן, צוגעהאַלטן דעם קאָפּ און שטיל גערעדט: „איך ווייס ניט, איך זע ניט דעם ציל פון מיין געבאָרן! איך ווייס ניט פאַרוואָס איך וועל שטאַרבן! עס איז ניט דיין ווילן, ניט מיינער, וואָס מיר לעבן! מיין מאַמע, ווערים זאָלן זי עסן, האָט געוואָלט אַ מאַן, בין איך געבאָרן געוואָרן! דערנאָך, ווי אַ צויג, מיך איבערגעלאָזן אויף דער וועלט און איז אַנטלאָפן מיט אַ צווייטן. איך ווייס ניט וואוהין דער טאַטע איז אוועק. איך בין נאָך דעמאָלט געווען ניט מער ווי זיבן יאָר. אַ פאַרביטערטער איז ער געווען! מיר ניט ליב געהאַט, געדיינקט, אַז איך בין ניט זיינער, פלעגט ער מיך אַמאָל שרעקלאַך שלאָגן און אַמאָל וויינען איבער מיר. — דערנאָך איז ער אוועק און ערגעץ קראַפּירט: און איך האָב אים מער ניט געזען".

דזשאָסיפּאַ איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אין חדר. „עס מוז זיין ערגעץ אַ פירער, וועלכער קירעווועט דאָס לעבן! מיין

הארץ גלויבט! דו ווייסט, וואָס גאָט בעטן מיינט?״ זיין שטים איז געוואָרן שטיל, בעטענדיג. „אַמאָל בין איך געגאַנגען אַ הונ־געריגער אין וועג. צו אַ פאַרם איז נאָך געווען ווייט. וואו דאָס אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן איז געווען פעלד און וואַלד. די זון האָט געהאַלטן בא פאַרגיין״—דזשאָסיפּא פרעגט מיט אַ ציטערדיגער שטים. „צי ווייסטו וואָס עס מיינט, אַז דאָס הארץ וויינט? אויבן עלענדקייט, פרייד שטאַרבט מיט דער זון, און אַרום דיר שפּילן פידלען, רייסן דיין נשמה, אַ ראַנד באַם וואַלד אַליין — דו ליגסט אויף די קני און בעטסט גאָט, און דו שטייסט אויף אַ געלייטערטער...״

מייק האָט גאָר ניט געענטפערט. אין קאָפּ האָט געשטאָכן, אַז אומעדיגקייט איז אים באַפאַלן. גיב מיר אַביסל שנאַפּס, אויב עס איז עפּעס פאַרבליבן?״ דזשאָסיפּא האָט אויסגעליידיגט דאָס פלעשל און געגעבן מייקן.

„וואָס דו פילסט ניט גוט?״ מייק האָט אויסגעטרונקען. די הענט האָבן געציטערט. „איך וועל זיך אַוועקלייגן, דשאָ, מאָרגן וועל איך זיכער פילן בעסער. גאָט וועט ניט נעמען מיין הינטישע פעל! ער דאַרף זי ניט!״ אַ מידער פאַלט ער אַוועק אויפן שטויביגן דיוואַן. דשאי שטייט אַ ווײַלע און דערנאָך גייט ער אַרויס אין דרויסן, זעצט זיך אויפן שוועל, קוקט אין דער פינסטער־ניש, ער טראַכט גאָרניט, ווייל ניט טראַכטן, אַ בלייענע שווערינ־קייט צוגיסט זיך אין זיין האַרצן.

זונטאָג פרי פלעגט דזשאָסיפּא גיין אין געבעט־הויז. דאָס הויז, וואו זיי האָבן געוואוינט, איז געווען בא צענטער עוועניו; זייער חדר איז געווען אויבן, אַ חדר מיט איין פענסטער, דורך וועלכן מען האָט שטענדיג געזען דעם הימל. אונטן איז געווען אַ הייזל, מיט פיר מיידלאַך, צוויי פראַנצויזינס, וועלכע קומען פון קענעדע, איין איירישע מיט פלאַמיג רויטע האָר. איין אידישע, וואָס פלעגט שטענדיג זינגען שמוציגע גאַסן־לידער, זאָגן גראָבע

וויצן און זיך אַליין צעלאַכן מיט אַ הילכיגן געלעכטער. אונטן האָט געוואוינט די מרס. פון הויז, אַ פרוי פון אַ יאָר אַכט און דרייסיג, אַ דייטשקע, מיט רויטע באַקן, פול־בלוטיגע ליפּן, אַ הויכער ברוסט, און גרוילאַכע אויגן, „מאַמע מאַרגאַרעט״.

די מאַמע מאַרגאַרעט האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויף מייק׳ן. פאַר די דריי וואָכן, וואָס זיי וואוינען בא איר האָט זי געלויערט אויף אים ווי אַ קאַץ אויף אַ מויז. — זי האָט מורא געהאַט אַרויסצואווייזן פריינטשאַפט צו אים, ער זאָל צו שטאַלץ ניט ווערן. זי קאָן די יונגען. מען דאַרף מיט זיי זייער פאָרזיכטיג זיין.

זונטאָג פרי פלעגן אַלע גיין אין געבעט־הויז, סיידן איינע פון די מוידן האָט געהאַט אַ גאַסט פאַר אַ גאַנצער נאַכט: מאַר־גרעט פלעגט זיך אויספּוצן אין איר זיידן קלייד און מיט די איבעריגע אוועקגיין. זי האָט אָנגעזאָגט דער קעכין צו מאַכן אַ דינער; זי האָט געפילט, אַז עס איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט. דעם מאָל איז מאַרגאַרעט געבליבן אין דער היים. די מיידלאַך האָבן פּאַשטאַנען און זיינען אַליין אוועק. ראָוז, די אידישע, האָט די נאַכט ניט גענעכטיגט אין דער היים.

מייק איז געלעגן אין פיבער, איז געווען אויפגערעגט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך, דזשאָסיפאַ האָט געזאָגט שטיל, „איך גיי אין געבעט־הויז״.

מייק האָט פאַראַכטלאַך אַ שמייכל געטאָן, „גיי צום טייפל, דו יאָלד! גיי, וואָרים, בעט בא גאָט! דאַנק אים פאַר דאָס גוטס, וואָס ער האָט געטאָן פאַר דיר!״

„מייק, זיי ניט בייז!״ — האָט דזשאָסיפאַ געבעטן.

„גיי צום שוואַרץ־יאָר!״ ער האָט מער ניט גערעדט, זיך אויסגעדרייט מיט׳ן פּנים צו דער וואַנט און האָט פאַרמאַכט די אויגן. דזשאָסיפאַ איז שטיל אַרויס פון חדר.

מאַרגאַרעט האָט זיך ווי אַ קאַץ, אַריינגעשאַרט און איז גע־בליבן שטיין לעבן סאָפע, וואו מייק איז געלעגן. זי האָט אים

אַנגערירט מיט דער האַנט. מייק האָט געעפנט די אויגן, זיך פאַמעלאַך אַרומגעקוקט און האָט בייז אַ שמייכל געטאָן. „וואָס ווילסטו, מאַרגאַרעט?" זי האָט ניט געענטפערט, נאָר זיך אַוועק־געזעצט נעבן אים. די נאָז־לעכער האָבן זיך צעשפּרייט, אירע ליפּן זיינען פולער געוואָרן.

„הער, טייערער טאַטעלע!" איר שטימע איז געווען האַלב פאַרשטיקט. זי האָט שווער געאָטעמט.

„גיי אַוועק צום שוואַרץ יאָר, אַלטע קלאַפּטע! איך וויל זיין אַליין". — מאַרגאַרעט האָט אַ לאַך געטאָן, געוויזן אירע ווייסע שאַרפע ציינער, צוגעדריקט איר לייב נאָענט צו אים, אַ נודנע וואַרימקייט האָט אים אַ שלאָג געטאָן, דער קאָפּ איז געוואָרן שווער. „גיי!" האָט ער שוואַך געזאָגט. — זי האָט אָנגעהויבן אַרונטערנעמען אירע קליידער. „דו וועסט זיין מיין טאַטעלע! מיר וועלן אַריינעמען נאָך מוידן! פאַראַן געננוג. גאָט וועט העלפן! ער פאַרלאָזט קיינעם ניט!" אַ רויטע זון האָט זיך צעגליט אין זיין לייב־שטילקייט.

מייק ליגט אַליין, קוקט אויף אַ זילבער־פּאָס הימל. דרייט זיך אומרואיק אויפן סאָפע. איבלדיג איז אים דאָס לעבן, שווער, אומדערטרעגלאַך שווער, און פאַר וואָס וויים ער ניט? איצט קומט דאָך אַ בעסערע צייט. אַרבעטן וועט ער ניט דאַרפן. מאַר־גאַרעט וועט אַלץ שוין באַזאָרגן. ער וועט קענען טאָן וואָס ער וועט וועלן. און דאָך? ער פאַרמאַכט די אויגן, גראָבט איין דעם פּנים אין קישן, רייסט זיך דאָס לייב! שווער, זייער שווער צו לעבן!

ווען דזשאַסיפּאַ איז געקומען, איז מייק געלעגן אַ בלייכער אויף דער סאָפע, דער פּנים רואיג ווי נאָך אַ שטורעם. די אויגן מידע, דער קערפּער באַוועגלאָז, דזשאָסיפּאַ האָט שוין געוואוסט וואָס האָט פּאַסירט. ער דריקט מייק'ס קאַלטע האַנט, זייריידן נישט קיין וואָרט. ער זעצט זיך אַוועק לעבן מייק'ן אויפן סאָפע

און זאָגט שטיל, „גוט וועט דיר איצט זיין, מייק, דו וועסט לעבן ווי אַ פּרינץ: מאַרגאַרעט האָט אַ סך געלט, און זי איז אין דיר שטאַרק פאַרגליבט, גוט וועט דיר זיין". ער בלייבט שטיל פאַר אַ סעקונדע. „איך וועל מאָרגן אַוועק! פעלדער גרינען! וועלדער רופן. איצט בין איך דאָך אַליין, טאָ וואָס מאַכט דאָס אויס, וואו איך וועל זיין? היינט אין געבעט־הויז האָב איך אַרויסגע־שלעפּט אַ פּאָר דאָלער. אַן אַלטער, האָט גענוג, האַנדלט מיט געגנב׳עטע זאַכן! שוואַרץ יאָר זאָל נעמען זיין לייב!"

„אַ העלפט געהערט נאָך צו דיר, מייק! ניט קיין סך איבער הונדערט, און מאָרגן וועל איך אַוועק, אַוועק און קען זיין, אַז מיר וועלן זיך אַמאָל באַגעגענען".

מייק האָט ניט גערעדט. עס איז געווען אַ שרעקלאַכער שווייגן; די ליפּן בלוטלאָז. דער גאַנצער קערפּער האָט געציטערט, דערנאָך האָט ער אַרויסגעזשיפּעט:

„נעם דיין געלט צוריק! ווער דאַרף זיי? — דו ביסט אַ וואָרים, אַ פּגר איז געווען דיין טאַטע! האָט דיין גאָט געזאָגט צו פאַרלאָזן דיין פריינט, ווען עס איז אים שלעכט? דו וועסט אַנטלויפן! און וואָס וועגן מיר? מיר וועט זיין גוט? צו ווייסטו, וואָס דאָ אין הארצן איז באַ מיר? עס עסט און עס נאָגט!" דזשאָסיפּא איז געשטאַנען און מיט דער האַנט זיך געהאַלטן באַם האַרצן. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער מייק׳ן, געגלעט זיין פּנים. מייק האָט ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן און דזשאָסיפּא האָט שטיל גערעדט:

„וועל איך ניט גיין! ניט גיין!" און דאָס האַרץ האָט באַ אים מוראדיג געוויינט.

ווייסע זומער־טעג האָבן זיך געצויגן. טעג און טעג אָן זאָרג. מאַרגאַרעט האָט געהאַלטן מייק׳ן, ווי אַ ציטערדיג קינד. אייפער־זיכטיג איז זי געווען ווי אַ קאַץ, אַז ער פלעגט גיין פאַרטאָג צו וואַנדערן אין די גאַסן, האָט ער איר געמוזט דערציילן, וואו ער

האָט פאַרבראַכט יעדער סעקונדע פון טאָג. — צו די מיידלאַך פון הויז האָט ער ניט געטאָרט ריידן. איינמאָל האָט ער אַביסל פאַר־בראַכט מיט דער פראַנצויזקע, איר נאָמען איז געווען בלאַנש, איז מאַרגאַרעט געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז זי האָט איר שטאַרק צע׳הרג׳עט, און זינט דעמאָלט האָבן די איבעריגע געווייכט פון אים.

מייק איז געווען אומעדיג, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין, דזשאָסיפּא האָט זיך געריסן אַוועקצוגיין און מייק האָט געוואוסט, אַז לאַנג וועט ער אים ניט איינהאַלטן. טעג־ווייז פלעגן זיי שטיין בא דעם האַפן, קוקן ווי מען פילט אָן די שיפן. די סטיוואַרדאָרס, מיט שוויים פאַרגאָסן, האָבן שווער געאַרבעט.

„צו וואָס טוען זיי דאָס?“ האָט דזשאָסיפּא שטיל געפרעגט.

מייק פלעגט טראַכטן איידער ער האָט געענטפערט, און דער־נאָך זאָגן שטיל: "זיי ווילן לעבן דשאָ!“

„לעבן?“

„יע, דשאָ, לעבן! עס איז נאַריש, האַ? קען זיין! אָבער ווען אַלע שטעלן אָפּ די אַרבעט, ווייסט וואָס וואָלט פּאַסירט?“

„וואָס האָבן זיי אָבער, מייק?“ פלעגט דשאָ פרעגן.

„זיי? פּראַצע, ברודער! די גאַנצע וועלט אַזוי! טרייבער און געטריבענע! איינער אַרבעט, דער צווייטער לעבט, ווי לעב איך, דשאָ? ווי לעבסטו? גנב׳עסט? דאָס איז דאָך דאָס זעלבע! איך לעב, ווייסט דאָך, ווי אַזוי...“

דשאָ פלעגט שטיין און קוקן אויף דער ווייטקייט.

„פאַרוואָס, מייק, שלאָגט מען אונז? מען פאַרשפּאַרט אונז אין די תפיסות, צוליב צוויי פּענים, וואָס מיר נעמען? פאַרוואָס מעגן אַזוי פיל מענטשן לעבן פון רויב?“

„זיי, מייק, נעמען אַ סך, נעמען אונזער בלוט, נעמען אונזער לייב. האָסטו אַמאָל געאַרבעט אין פאַבריק, דשאָ? ניין? ווייסטו ניט אונזערע מענטשן, ניינציג פּראָצענט פון זיי ווייסן וואָס דאָס מיינט! איך — האָב געאַרבעט מיט הונדערטע אַנדערע צוזאַמען.

— ווייסע ווענט, שפּינוועב אין די ווינקלען. טאָג איין, טאָג אויס דאָס זעלבע. דו ווייסט, אַמאָל כאַפּט דיך אָן אַזאַ בענקעניש. אין דרויסן איז זומער, עס ציען זיך איבער׳ן קלאָרן הימל וואָלקענדלאַך, און דו, ווי אַ הונט, ביסט צוגעבונדן צו אַ קייט. איך האָב געזען ניט איינמאָל ווען אַ קינד האָט זיך פאַרקוקט דורכ׳ן פענסטער, פאַרגעסן די פאַבריק, פאַרגעסן אַלץ; און דער פאָרמאַן קומט צו גיין, גיט אַ שטורך אין דער זייט און די טרערן קומען אין די אויגן. וואו, פרעג איך דיר, איז דיין גאָט, דשאָ? וואו?...״

דערנאָך פאָלגט אַ שטילקייט; מייק קוקט אין דער ווייטקייט און דזשאָסיפאַ קוקט אויף אַ שטיק הימל אויף דעם צווייטן זייט ברעג. דערנאָך זאָגט ער שטיל:

„איך וועל מוזן אַוועקגיין, מייק! איך וועל מוזן. ענג איז מיר דאָ. ענג, קום מיט, מייק. ניטאָ וואָס צו טאָן דאָ. ניטאָ פאַרוואָס צו לעבן. מיר דאַרפן ניט פיל צו לעבן, מייק? ברויט מיט וואַסער. מיר וועלן בעטלען, גנב׳ענען צו ביסלאַך און וועלן לעבן. קום, לאָמיר אַנטלויפן פון דאַנען״.

מייק האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווייטקייט. ווי ער וואָלט פון ערגעץ געזוכט אַן ענטפער. „געדאַרפט אַוועק?״ און דערנאָך מיט ביטערניש: „מען קען ניט אַנטלויפן פון דעם אייגענעם שאָטן. פון זיך אַליין אודאי ניט! און דאָס האַרץ נעמט מען דאָך אומעטום מיט״.

ווען זיי זיינען געגאַנגען אַהיים, האָט מייק שטיל גערעדט: „באַלד וועט די קלאַפּטע וועלן אַלץ ווּיסן. מייז זאָלן עסן איר לייב. אַמאָל וואָלט איך געוואָלט נעמען אַ מעסער און שניידן איר לייב. אַך, צום שוואַרץ יאָר, ווי איך האָס איר פלייש איר ברודיק לייב...״

„וואָס איז זי שולדיג, מייק? דו זעסט דען ניט, אַז אַלץ איז אַ פּלאָנטער, קיינער ווייס ניט וואוהין ער גייט און פון וואַנען מען קומט? אַזאַ גרויסע וועלט. אַלץ איז דאָ פאַר אַלעמען, דאָך

הונגערן די מערסטע. יעדער לעבט אין שרעק, קיינמאָל ניט געווינציק פאַר זיי וויפיל מען האָט! שפייכלערס שפייז! און מענטשן רעוון פאַר הונגער, ווי די וועלף אין וואַלד. איך פרעג דיך, מייק, צו וואָס דאָס אַלץ? ווער האָט באַשאַפן דעם גאַנצן פּלאָנטער?"

דשאַ איז געבליבן שטיל, נאָר מייק האָט גאָרניט געענטפערט. עס איז ניט געווען וואָס צו זאָגן.

אין דער היים האָט מייק אויסגעפונען, צו זיין פרייד, אַז מאַרגאַרעט פאָרט אַוועק, וועט ניט זיין צוריק פאַר אַ פּאָר טעג. אַלץ איז אין אָרדנונג. רעבענונג וועט זי אָפּנעמען בא די מוידן, ווען זי וועט קומען צוריק.

מייק האָט געוואַרט ביז דער צוג איז אַוועק און איז אַ פריי־לאַכער אַוועק אַהיים. אין הויז איז געווען פריילאַך. די מיידלאַך זיינען געזעסן מיט דזשאָסיפאַ׳ן, זיך געפרייט ווי קינדער. מייק איז געווען זייער פריילאַך. „איר הערט, קינדער, דשאַ וועט גיין עפּעס ברענגען צו טרינקען און מיר וועלן פריילאַך פאַרברענגען! נו, וואָס זאָגט איר, מוידן?"

אַלע האָבן זיך געפרייט, דשאַ איז אַוועק ברענגען צו טרינקען. באַלד איז ער צוריקגעקומען — און זיי האָבן אויסגעלאָשן די ליכט אין די פאָדערשטע חדרים. אין הינטער־צימער, וואו מאַרגאַרעט פלעגט אויפנעמען די געסט, האָבן זיי זיך פאַרקליבן, געמאַכט ליכטיג, אַוועקגעשטעלט קאַוויאַר מיט וויין מיט שאַקאָלאַד און דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען שוין אַלע געווען אָנגעטרונקען. ווימי האָט אין אַ קוויטשיגן קול אָנגעהויבן דערציילן, ווי זי איז געוואָרן אוים מיידל... „דער אַלטער יאָלד האָט געדיינקט, אַז ער פאַרפירט אַן אומשולדיג מיידל, ער האָט טאַקי פיין באַצאָלט, נאָר קאַלט איז ער געווען ווי אַ טויטע קאַץ. האָט ער געצאָלט און איך האָב געפונען אַ יונג, אַ ברען, און עס איז געווען גוט..."

ראָוז, די אידישע, האָט געוויינט, און דערציילט מיט אַ וויינענ־דיגער שטים, אַז זי האָט אַמאָל געחלומ׳ט וועגן אַן ערלאַך לעבן!

ווי אָרים זיי זײַנען געוועזן. אַליין איז זי געבליבן, ווען זי איז נאָך א קינד געווען, זיך געוואַלגערט — איר שטים האָט אַ ריפּע געטאָן — „זאָל דאָס אַלץ גיין צום טייפל!“ און זי האָט ניט אָפּגעווישט די טרערן, וואָס האָבן זיך געגליטשט איבער די באַפּוידערטע באַקן.

דזשאָסיפּע איז געשטאַנען אויף די קני און האָט גאָט געבעטן. די שוואַרצע לאָקן זײַנען געפאַלן איבער׳ן שטערן. די אויגן גליענדע, פול מיט פיבער, די ליפּן ציטערדיקע. „גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד; דער, וואָס האָט באַשאַפן די געהיימניש פון די הימלען, די שטילקייט פון די בערג, די טרוימען פון די וועלדער, נעם מיך צו דיר, ענג איז מיר דאָ! ענג, נעם מיך וואו די טײַכלאַך פליסן, אין מדבר, וואו איך וועל קענען דיר דינען!“ אַ שכור׳ער געלעכטער האָט פּלוצים איבערגעריסן די שטילקייט. ראָוז האָט פון זיך אַרונטערגעריסן די קליידער, איז געבליבן שטיין מיט איר נאַקעט לייב, געלאַכט היסטעריש און דערנאָך מיט אַ הייזעריג קול אָנגעהויבן זינגען:

א לעמפל ברענט בא מיין פענסטער
רויטער פלאַם, רויטער שיין,
קום צו מיר, מיין שענסטער
פאַרגעס ניט ברייינגען דעם וויין.

אראָפּרייסן וועל איך די קליידער
און באהעפטן וועסטו זיך מיט מיין לייב
גאָט און מיר ביידע אין חדר
וועל איך אויף א נאַכט ווערן דיין ווייב.

מייק איז געזעסן אַ שווייגנדיגער, געקוקט מיט פאַרגלעזערטע אויגן און גאָר ניט געזען. מימי האָט זיך צוגעשאַרט צו אים, געריסן פון אים די קליידער, געקניפּט זיין פיבערדיג לייב. די איבעריגע זיינען שוין געווען אַזוי אָנגעטרונקען, אַז זיי האָבן האַלב

שוין געדרימלט. מייק האָט שוין אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך מיט אים. עפּעס איז אים געלעגן שווערעס אויפן האַרצן, געדריקט אָן אָן אויפהער; אין קאָפּ האָט געברענט. ער האָט אָפּגעשטופּט מימי׳ן, זי איז ווייטער געקראָכן צו אים, האָט ער זי אַ שטויס געטאָן מיט דעם קולאַק איבער דער מאָרדע. איר פּנים איז געוואָרן פאַרדעקט מיט בלוט, נאָר זי האָט געלאַכט, זיך אפילו קיין קרים ניט געטאָן. ער האָט זי אָנגענומען אין זיינע אָרעמס, זי געהאַלטן צוגעדריקט צו זיך, זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

עס איז געווען שטיל אַרום. מייק איז געזעסן און געטראַכט, זיך געוואָלט דערמאָנען אין עפּעס און ניט געקענט. פּלוצים איז אים עפּעס איינגעפאַלן אַ פּלאַן. די אויגן האָבן זיך משונה׳דיג צעלאַכט, ער האָט פאַמעלאַך אַוועקגעלייגט מימי׳ן, און איז שטילערהייט, קריכנדיג, אַרונטער אין קעלער; דאָרטן זיינען געלעגן אַלטע שמאַטעס, אַלטע מעבל; ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, אונטערגעצונדן אַ באַרג פּאַפּיר; עס האָט אַ פלאַם אַרויסגעשלאָגן. מייק איז מיט שטילע טריט אַרויף צוריק אין חדר. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם פריערדיגן פּלאַץ, פאַרמאַכט די אויגן, זיך געוויגט הין און צוריק און איז געבליבן ליגן אויף דער ערד. שטיל אַרום אים, נאָר ערגעץ צינדן זיך פלאַמען. העלער! העלער!

* * *

אַש איז געבליבן פון הויז, צווישן די אַשעס פאַרברענטע קערפּערס, און דער הימל איז אַ קלאָרער, אַ זומער־טאָג, האָט די זון געשיינט און געליטערט דעם פרימאָרגן.

# עלם הויז

איך בין געזעסן אין „בעטערי פּאַרק". שוין געווען צו מיד און אויסגעהונגערט ווייטער אַרומצוגיין איבער דער שטאָט. אַנט־קעגן, מיט דער האַנט אין דער הויך מיט אַ רויטן פּאַקל, האָט זיך דורך דעם נעבל אויסגעשיילט די „סטאַטוע פון פרייהייט". שיפ־לאַך האָבן זיך פויל געשלעפּט דורך די מוטנע וואַסער און געוועט, געוואָרנט! די זון האָט זיך געפּוילט אַרויסצוקריכן פון די וואָלקנס, האָט דער טאָג אויסגעקוקט ווי אַ קראַנקער פרימאָרגן, דער פּאַרק נאַקעט און פאַרלאָזן, מער ניט ווי היימלאָזע האָבן זיך אָפּגערוט אויף די נאַסע בענקלאַך.

איך ווייס ניט, קען זיין אַז איך בין אַנטדרעמלט געוואָרן! קען זיין, אַז די פאַרגליווערטקייט פון הונגער און מידקייט האָט מיר טעמפּ געמאַכט, נאָר זיכער האָב איך ניט געהערט אַז עמיצער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, ביז זיין פולע ברוסטיגע שטים האָט מיר ניט אויפגעוועקט און איך האָב אויף אים געקוקט מיט טעמפּע אויגן.

אַ מאַן אין די פערציגער, מיט שוואַרצע האָר און גרויע אויגן. אַ הויכער, די ליפּן שטייפע, דער נאָז עטוואָס פאַרדרייט, די ברע־מען לאַנגע, שווערע, און גערעדט האָט ער מיט אַ פול־ברוסטיגער שטים. געלאַסן — אָבער אונטער דער רואיקייט און אונטער די שווערע ברעמען איז געווען עפּעס גרוילאַכס, אומפאַרשטענדלאַכס.

„דו ביזט פאַרהונגערט, אייזל!" האָט ער גערעדט. „זיץ נאָך אַזוי אַביסל און דו וועסט קענען אָפּגעבן אַ גרוס מיין טאַטן אויף יענער וועלט!" ער האָט בייז געשמייכלט. „דו ביזט דאָך נאָך אַ קינד! וואָס פאַר אַ הינטישע מאַמע האָט דיך פון דער היים אָפּגעלאָזן? דאָך ביזטו אַ היפּשער יונג! טאָ וואָס זיצסטו, פּגר! מען נעמט אַ קיסער (בלעק דזשעק) און מען דערלאַנגט איינעם אי־

בערן קאָפּ! וואָס האָסטו זיך דערשראָקן, הינדל מיינס? נו, נאַ טרינק אַביסל פּייער (שנאַפּס) און קוק אויף מיר מיט דיינע יאַל־דישע אויגן!"

מיט ציטערדיגע הענט האָב איך גענומען דאָס פלעשל. מער ווי האַלב פון דעם שנאַפּס האָט זיך פאַרגאָסן איבער מיר. דער־נאָך האָב איך געפילט בעסער, כאָטש דאָס האַרץ איז מיר שיר ניט פאַרברענט געוואָרן. „קום, גאָטס באַשעפעניש! קום, דו גרוי־סער יאַלד! מירן זען וואָס מען קען מאַכן פון דיין פּעקל!" איך בין שווייגנדיג נאָכגעגאַנגען.

געפירט האָט ער מיך דורך אַ סך פרעמדע און פאַרוואָרפענע גאַסן. מיר זיינען געגאַנגען דורך אַן אָפּגעלאָזטער טייל שטאָט. דאָ און דאָרט איז געווען אַ קליינע פאַבריק. אַמאָל ווערהייזער, הויכע שטומע, איינער נאָך דעם אַנדערן, און די איבעריגע אַלטע אָפּגעלאָזענע הייזער דורכאויס הילצערנע, אַ סך זיינען געווען באַ־וואוינט פון ניגערס, און אָפּגעריסענע קינדער זיינען ארומגעלאָפן, געשריען. ווייטער איז געווען שטילער, און שפּעטער האָט מען זעלטן געזען אַ מענטשן פאַרבייגיין. זיינען מיר צוגעקומען צו אַ שמאָל געסל. עטלאָכע הייזער האָבן געדרעמלט אין זייער גרוי־קייט, די פענסטער — מערסטנס צובראָכענע, און איינע פון די הייזער איז געווען די „עלם הויז". ביי דער טיר איז געזעסן אַ אינגעל פון אַ יאָר צוועלף. געזען אונז קומען — איז ער אויפגע־שפּרונגען זיך ברייטלאַך צעשמייכלט. „העלאָ גוס!" האָט ער אויס־געשריען. גוס האָט אים ניט געענטפערט, נאָר אַ שמייכל געטאָן, און מיר זיינען אַריין אין הויז.

אַ גרויס חדר, אַ טיש און ווייטער אַ פּאָר לאַנגע בענק און דאָס אַלץ. די פענסטער פאַרמאַכט, האָט זיך געפילט שימל; די פענסטער דיק מיט שטויב, די ווענט און די שמאַטעס און אַלטע מאַטראַצן אויף דער ערד האָבן פאַרשפּרייט אַ שווייסיגן גערוך. עס האָט געשטיקט אין האַלדז.

„גיי רוף אַראָפּ ריפּן", האָט גוס געזאָגט צום אינגל, און דער יונג איז, שפּרינגנדיג, פאַרשוואונדן אין קאָרידאָר.

ריפּ איז אַרונטערגעקומען. אַ הויכער נעגער, אַ ריז. איין באַק האָט געהאַט אַ לאַנגן שניט, וועלכער האָט זיך געצויגן ביזן מאָרדע. די פאָדערשטע ציין האָבן אים געפעלט, די ברוסט צעשפּילעט האָט זיך געזען אַ וואַלד שוואַרצע האָר, נאָר די אויגן, לאַכנדיגע, האָבן האַרמאָנירט מיט זיינע ברייטע ליפּן.

„גיט אים עפּעס עסן", האָט געזאָגט גוס.

דער ניגער האָט זיך צולאַכט.

„אינגאַנצן דאָ איין שטיק ברויט, האָב איך דאָס געהאַלטן פאַר דיר, גוס".

„גיב דאָס אים. איך האָב שוין געגעסן..." ריפּ האָט זיך צושמייכלט און אַוועק. באַלד איז ער געקומען צוריק מיט אַ שטיק ברויט. געבראַכט נאָך דעם שוואַרצע קאַווע און איך האָב עס פאַרשלונגען ווי אַ הונט. ריפּ האָט געלאַכט. גוס האָט אפילו קיין שמייכל ניט געטאָן, און דער אינגל מיט דעם בלייכן פּנים האָט אויף מיר געקוקט מיט זיינע אומעטיגע אויגן.

שפּעטער בין איך געבליבן מיט דעם אינגל אַליין. זיינען מיר געזעסן, געקוקט איינער אויפן אַנדערן. דערנאָך האָט ער אַרויס־געשפּיגן:

„וואָס איז דיין נאָמען?"

„גאָלד!" האָב איך אים אָנגעקוקט, „און דיינער?"

„ליקסי!"

„וואָס פאַר אַ נאָמען! ווי אַלט ביזטו, ליקסי?"

„אַלט געווג!" ער האָט אַן אומעטיגן שמייכל געטאָן.

איך האָב זיך געפילט מיד, האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אַן וואַנט אין ווינקל און געפּרוואוט שלאָפן, נאָר איך האָב ניט געקענט. בין איך אַזוי געזעסן און געטראַכט פון דער מאָדנער הויז. עס איז געוואָרן טונקל, נאָר קיינער קומט ניט. ערשט אַרום זיבן אַזייגער

קומט אַן ריף. ער צינדט אָן צוויי גרויסע ליכט. עס ווערט מיר מאָדנע און היימלאַך און ער, דער גרויסער נעגער, שווייגט און די אויגן שמייכלען אַפילו ניט. שפּעטער קומט אַריין ליקסי, דער פּנים אַזוי פאַרבלאָטיגט, אַז עס איז אים ניט צו דערקענען. נאָך אים קומט גוס, די ברעמען שווערע און דער גאַנצער קערפּער איינ־געבויגן. איך שווייג, קוק און וואַרט.

אַרום ניין איז די הויז פול: רוסן, אידן, איטאַליענער און ווער ניט? מאָדנע, ווי דער עלנט און נויט פאַרווישט אַלע גרע־ניצן! היימלאָזע פון אַלע נאַציעס, אַרבעטער פון אַלע פאַכן, שווע־רע הענט און מידע רוקנס. דער וואַנדערער, דער היים־זיצער, דער נאַר, דער קלוגער, דער אויפברויזער און דער שווייגער — אַלע גע־פינען זייער היים אין „עלם הויז", ווי אַ שפּין וועלכע שפּינט שפּינוועבס, אַזוי זיינען פאַרשפּרייט די „עלם הייזער" — די קינדער פון נויט.

עס איז געווען אַ גרוילאַכער אָוונט. ווייניק פון זיי האָבן עפּעס פאַרדינט דעם טאָג. איינער נאָר, אַ מענטש פון אַ יאָר זעכציג, האָט געבראַכט צוויי דאָלער, פאַר אַרבעטן צוועלף שטונדן טראָגנדיג גרויסע פּלאַקאַטן פון הינטן און פאָרנט, ביז די פיס האָבן זיך געבויגן פון מידקייט. ער האָט שווייגנדיג דערלאַנגט גוסן דאָס געלט, אַ וויג געטאָן זיין ווייסן קאָפּ און געשמייכלט.

גוס האָט געדריקט זיין האַנט. „אַ דאַנק, אַלטער. אָט אַזוי לעבט מען. וואָס פאַר אַ הינטיש לעבן! נו, ברויט וועט מען קויפן. בעסער ווי שטיין אין דער ברויט ליין און הערן זייערע הינטישע רייד! נאָר דאַנק זייער גאָט! קני פאַר אים! דאַנקען פאַר די ווערים וואָס פרעסן אונז!"

ליקסי האָט זיך צוגעשאַרט צו אים, אַרויסגענומען עטלאַכע צוקנייטשטע דאָלער בילס און ניט קוקנדיג אויף אים האָט ער אויסגעשטרעקט זיין דאַר הענטל און אים עס געגעבן. גוס איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ פייער וואָלט זיין לייב באַרירט.

„ווייטער! זאָג, ביי וועמען האָסטו דאָס אויסגע׳בטל׳ט?!“ זיינע ברעמען האָבן געציטערט און די ליפּן האָבן זיך פאַרצויגן. ליקסי האָט ניט געענטפערט, נאָר די טרערן האָבן זיך געגליטשט איבער זיינע שמוציגע באַקן. דאָס פּנים איז געווען ווי פאַר־שטיינערט, קיין מוסקל האָט זיך ניט גערירט. גוס האָט אַרונ־טערגעלאָזן זיינע אָרימס. איצט זיינען זיי געהאַנגען מאַכטלאָז, ווי געפאַלענע בוימער.

„זאָג, וואו האָסטו גענומען דאָס געלט?“ איצט איז זיין שטים געווען טיף, ציטערדיג. דערנאָך, ניט וואַרטנדיג אויף קיין ענט־פער, האָט ער אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף ליקסיס קאָפּ, דורכ־געפירט מיט די פינגער דורך די האָר. גוס האָט געוואוסט דעם ענטפער: ערגעץ האָט ליקסי אַריינגעשפּאַרט זיינע פינגער אין יענעמס קעשענע — אַלץ בעסער ווי בעטלען. בעסער!

האָט זיך געצויגן די נאַכט. שוין אָפּגעגעסן. יאַ געגעסן. אַנ־דערע דרעמלען שוין, די איבעריגע ריידן, דערציילן. אין אַ ווינקל שפּילט איינער אויף אַ צובראָכענע גערמאָשקע. אַ יונגער אי־טאַליענער מיט שוואַרצע קרויזן זינגט „מאַמאַ מיאַ“. זיין שטים וויינט נאָך דער היים. שטייט אַ ביינערדיגער איד, אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער און קוקט אַרויס אין גאַס. וויגט ער זיך אַהין און צוריק, ווי דער שאָטן אויף דער וואַנט. גייט אַרום אַהין און צוריק אַ מאַטראַס, און יעדעס גליד ביינקט נאָך דעם ים! דאָרטן האָט ער אַזוי פיל חלומות גע׳חלומ׳ט! דאָרט איז דאָ אַזוי פיל פרייהייט, און דאָ איז איינג.

די פיר פרויען, וועלכע געפינען זיך דאָ אין חדר, טוט יעדע פון זיי עטוואָס אַנדערש. די עלטסטע, אַ ציינלאָזע באַשעפעניש, מיט אַ טויט פּנים זיצט און דרעמלט. איינע שלאָפט שוין, כראָפּעט מיט איר קראַנקער ברוסט, אַז עס איז אַ שוידער. איינע זיצט און כליפּעט. ווער ווייסט וואָרום? עס איז פאַראַן אַזוי פיל איבער וואָס צו וויינען, טאַ גיי טרעף. די פערטע רייסט איר לייב —

עפּעס אַ בייסעניש עסט איר אויף און זי רייסט — רייסט! און די נעגל, בלאָטיגע, קריכן אין לייב אַריין. ליקסי שלאָפט שוין און באַלד וועלן די שאָטנס רוען.

צוועלף אַזייגער. אַלע שלאָפן. דער גאַנצער חדר איז ווי אַ שלאַכטפעלד: פאַרוואונדעטע, צעקוועטשט פון לעבן. איך קען ניט שלאָפן. דער שוויים קריכט אין האַלז, מען קען ניט אָטעמען. איין ליכט ברענט אין חדר גרוילאַך! מורא'דיג! גוס קומט אַריין פון דרויסן. ער שטייט ביי דער טיר. איך זע האַלב פון זיין פּנים. דאָס צווייטע העלפט איז אין דער פינסטער. מינוטן־לאַנג שטייט ער ניט רירנדיק זיך. ער הויבט זיינע אָרימס אין דער הויך, ווי שלאַנגען באַוועגן זיך די שאָטנס איבער זיין קאָפּ. דערנאָך לאָזט ער זיך אַראָפּ אַ מידער אויף דער ערד און זיין פּנים דריקט די שמוציגע האַליץ. איך פאַרמאַך די אויגן, איך וואָלט געוואָלט וויינען, נאָר קיין טרערן זיינען ניט געפאַלן.

די טעג האָבן זיך געצויגן גרוי, נאַס. כאָטש עס איז געווען אַפּריל, האָט עס געהאַלטן אין איין רעגענען. קיין אַרבעט איז ניט געווען צו געפינען, די ברויט־שורות זיינען געוואָרן גרעסער און אין די שטאָטישע אַנשטאַלטן האָט מען שוין אויך ניט אַריינגעלאָזן. איך און ליקסי האָבן אַ סך צוזאַמען פאַרבראַכט. איך האָב ליב געהאַט צו קוקן אויף זיין בלייכן אומעטיגן פּנים. ריפּ איז געווען ווי אַ טיגער די טעג! דער הונגער האָט אונז אַלעמען געשטיקט, קראַנקע האָבן אָנגעפילט די „עלם־הויז". עס איז געווען שוידערלאַך דאָס צו זען. עטלאַכע פון דער טויטער וועלט (דאָוס געברויכער) האָבן זיך פאַרקליבן אין אונזער נעסט. האַלב משוגע פון באַגער פלעגן זיי אַרומלויפן און קומען מידע צוריק, צובראָכענע מיט טויטע אויגן.

איין טאָג איז ליקסי ניט אויפגעשטאַנען. ער איז געלעגן אויף דער פאָדלאָגע מיט פיבערדיגע אויגן. די ליפּן פאַרטריקנטע, בלוטלאָזע. גוס איז געשטאַנען איבער אים, זיך דערנאָך אַוועקגע־

שטעלט אויף די קני, געפילט זיין הייסן קאָפּ. ליקסי האָט גע־שמייכלט. די פרוי מיט עקזימאַ האָט געריסן איר לייב און גע־כליפּעט. ריפּ האָט איר אַרויסגעשלעפּט ביי דער האַלז, ווי אַ גע׳פּגר׳טע קאַץ. דער ביינערדיגער איד האָט שטיל געמאַכט מיט די ליפּן און זיין פיינלאַכער פּנים האָט זיך אויסגעצויגן. די אי־בעריגע זיינען געווען שטיל. זייער שטיל.

געטראַכט וועגן שיקן ליקסין אין שפּיטאָל, האָט ער אָבער פאַרנאַכט אָנגעהויבן פילן בעסער. איך בין מיט אים אַ גאַנצן טאָג געווען אין הויז. גוס איז אַ פּאָר מאָל געקומען און איז אַוועק. ביז שפּעט אין אָוונט האָב איך ניט געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט. אַ גרויסער ראַיאָט האָט אויסגעבראָכן לעבן דעם פּאָרט פון דער „אַמעריקאַן פוד קאָמפּאַני“. צען מענטשן אַרעס־טירט, עטלאַכע אין שפּיטאָל, און ווען גוס איז שפּעט ביי נאַכט געקומען אין „עלם הויז“ האָט ער געהאַט אַ גרויסע וואונד אין קאָפּ, די האָר זיינען געווען פאַרבלוטיגט. איינע פון די פרויען האָט אים אָפּגעוועצט דאָס בלוט מיט קאַלט וואַסער. די איבעריגע האָבן געשוויגן. איך בין שיר ניט דערשטיקט געוואָרן פון טרערן, וועלכע זיינען געקראָכן אין האַלדז. נו, איך בין דעמאָלט אַזוי יונג געווען!

ליקסי איז געלעגן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. געשלאָפן איז ער ניט. פונדעסטוועגן האָבן מיר אַלע געטראַכט אַז ער ווערט בעסער. פון די לעצטע פּענים האָט מען פאַר אים געקויפט פרישע ברויט, אָפּגעקאָכט פאַר אים קאָרנד־ביף און קרויט. ער האָט דאָס זייער ליב געהאַט. דערנאָך איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן און מער האָט זיך קיינער אויף אים ניט אומגעקוקט דעם אָוונט.

עס איז געווען איינער פון די מענער וועלכער האָט צוליב הונגער אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. זיין נאָמען איז געווען סלים. ער האָט אין דער פרי זיך געכאַפּט, אַז ליקסי ליגט צו שטיל. אַז מיר זיינען צוגעגאַנגען, האָבן מיר באַלד דערזען, אַז

עס איז שוין נאָך אַלעמען. אַן אַ קרעכץ געשטאָרבן. ווער ווייסט וואָס פאַר חלומות ער האָט גע׳חלומ׳ט די נאַכט? ווער ווייסט ווער ער איז געווען? קיינער פרעגט ניט קיינעם אין „עלם הויז“. וואָס איז דער אונטערשייד?

גום איז געשטאַנען פאַר אַ מינוט, געקוקט מיט פאַרגלעזערטע אויגן. דערנאָך האָט ער אים אויפגעהויבן, געהאַלטן אויף די אָרימס און צוריק אַוועקגעלייגט אַזוי פאַרזיכטיק, אַזוי פּאַמעלאַך, ווי ער וואָלט אים ניט געוואָלט שטערן זיין שלאָף. קיינער האָט ניט געוויינט. מאָדנע, דאָך האָבן די שאָטנס זיך דיקער פאַרשפּרייט אויף די ווענט, און יעדער איינער איז געווען פאַרגליווערט אין שווייגן.

שפּעטער האָט מען אים אַוועקגענומען. נאָך אַ סטיף פאַר פאַטערס פעלד! עס איז אפשר בעסער צו ליגן צווישן די נאָך־מענגלאָזע; די וועלכע באַלאַנגען צו קיינעם ניט, די וועמען קיי־נער באַגלייט ניט צום פעלד. און דאָך האָט אימיצער געוויינט ביי זייער געבאָרן! איך האָב געטראַכט, אַז די זון דאַרף ניט שיינען דעם טאָג! אָך, וואָס פאַר אַ קינד איז בין דעמאָלט געווען.

אַ גאַנצן טאָג בין איך פון הויז ניט אַרויס. עס איז מיר געווען פראַדריסיג אָנצוקוקן די שטאָט. איך האָב ניט געוואָלט זען די איבערגעזעטיגטע שטאָט, די רייכע, צעוואַקסענע הייזער, די זאַטע מענטשן, וועלכע לאָזן שטאַרבן זייערע קינדער! אָט האָט זיך מיר געוואָלט אַנטלויפן, אַוועקלויפן ערגעץ, אבי ניט זען דעם עלענט פון דער שטאָט.

גום האָט זיך געפּייניגט מיט זיין אומבאַהאָלפנקייט. וואָס האָט אים געטויגט זיין וואַרים מענטשלאַך האַרץ, אַז ער האָט ניט געקענט געפינען דעם וועג צו דער זונענלאַנד! אַ סך מאָל האָט ער צו מיר אָנגעהויבן ריידן, זיך געוואָרגן מיט די ווערטער. דערנאָך איז ער געבליבן שטיל. „אָט, וואו נעמט מען אַ דערלייזונג?“, האָט ער געזאָגט. דערנאָך קוקן אויף מיר מיין פּיין אין די אויגן.

„עלם הויז" איז איצט געוואָרן הפקר. גום איז געווען פאַר־שלאָסן אין זיך אַליין. ווער עס האָט געוואָלט איז געקומען, ווער עס האָט געוואָלט איז אוועק. ריפּ איז געווען דער איינציגער, וועלכער איז געווען מיין חבר. איך האָב אים דערציילט, אַז איך קלייב זיך אין וועג. האָט ער אויפגעציטערט. „איך וואָלט אויך געגאַנגען, גאָלד, נאָר איך קען ניט איבערלאָזן גום'ן", און זיינע גרויסע ליפּן זיינען שטייפער געוואָרן.

איין אָוונט איז גום אַהיים ניט געקומען. איך און ריפּ האָבן אויף אים געוואַרט ביז האַלבע נאַכט. אין דרויסן איז געווען אַ מילדער וועטער — די ערשטע טעג פון מאַי. ריפּ האָט מיר דער־ציילט, אַז ער קען שוין גוס'ן איבער צוויי יאָר. אַ גום האָט אַמאָל געהאַט געלט. אַז די רענט פאַר „עלם הויז" איז באַצאָלט מיט זיינע לעצטע פּענים; אַז אַמאָל האָט אים גום געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. ווען ער איז קראַנק געווען און האָט ניט געהאַט קיין היים, האָט אים גום גענומען צו אין חדר. ווי אַ מאַמע האָט ער איבער אים געוואַכט.

האַלבע נאַכט. גום איז ניטאָ. ריפּ קען רואיג ניט איינזיצן. איך אַליין ווייס ניט וואָס צו טאָן. וואו קען ער זיין? מיר וואַרטן. עס ציען זיך די שטונדן ווי יאָרן! ריפּ ליגט אויף די קני און בעט גאָט. איבער זיין שוואַרצן פּנים רינען די טרערן. די גראָבע ליפּן ציטערן. עס איז געווען אומזיסט אונזער זוכן. אין ערגעץ איז ער ניט געווען.

וואָכנלאַנג האָבן מיר געוואַרט. דערנאָך, אין אַ זומערדיקן טאָג האָבן מיר פאַרלאָזן די שטאָט, איך און ריפּ. לאַנג האָבן מיר געוואַנדערט צוזאַמען; דערנאָך האָבן מיר זיך צושיידט אין ניו אָרלינס. יאָרן זיינען אוועק, נאָר „עלם הויז" רוט ווי אַ שוואַרצער פלעק אין מיין האַרצן.

# דזשעק

פאר מיר ליגט די צייטונג מיט דער נייס וועגן דזשעקס טויט. געפאלן פון א קויל פון א געדונגענעם גאַרילע אין די פעלדער פון „וועסט ווירדזשיניע“. איך פארמאך די אויגן, זע זיין פנים, זע זיין קערפער ליגן אין א פארוואָרפן געסל ערגעץ אונטער׳ן פרייען הימל. די לבנה זילבערט, דער שניי דערגרייכט דעם שווארצן פלעק, וואָס איז אמאָל דזשעק געווען. איצט ליגט דזשעק, שטיל, דער קאמף איז פאָראיבער. רו, שטילקייט!

איך ווייס ניט פארוואָס איך דארף דערציילן די געשיכטע פון זיין לעבן און טויט? ווינציג קעמפער פאלן? דאָך דריקט א שווערער אומעט מיין הארץ, און די נאכט וויינט אין מיר.

עס איז געווען אמאָל א מענטש, ווי איך און איר. און איצט — מער ניט. מאָרגן וועל איך מעגלאך פעלן. די ראָד פון לעבן וועט זיך דרייען, און די מאשינען וועלן רוישן און מענטשן וועלן טרויערן און זיך פרייען, ווי שטענדיג און דער זייגער וועט ציילן סעקונדן, און אנדערע וועלן קומען, אנדערע פארשווינדן, אזוי אייביג.

אין שיקאגא האָב איך דזשעק׳ן באגעגנט. איך בין געקומען פון דער „איסט“, ער פון דער „וועסט“. ער א קינד פון די אמעריקאנער סטעפעס, איך א קינד פון א וואנדער פאָלק. מיט ציגיינער־בלוט אין די אָדערן; איך בין געקומען פון א קליין שטעטל, וואָס דרימלט נאָך איצט ערגעץ אין ליטע. איך דער איד, ער דער קריסט. ביידע, קינדער פון דער גאס. ביידע פרייע, ווי די זאמד אין מדבר, אין דער שטאָט וואָס פארבינט „איסט“ און „וועסט“, וואו הונדערטער וועגן רופן, וואו דער רויך, וואָס הייננט איבער די דעכער, ציט מיט טויזנטער פעדים. צוזאמען האָבן מיר פארלאָזן די שטאָט, זיינען געבליבן אין וועג צוזאמען פאר א לאנגע

צייט, האָבן פאַרלאָרן איינער דעם אַנדערן און ווידער געפונען.
איצט האָבן זיך די וועגן צעשיידט, זיין וועג איז צום ענד, מיינע —
ווער ווייסט?

איך בין אַוועק צוריק צו איסט, אים האָב איך איבערגעלאָזן אין די פעלדער אין דער „סאוט". איך געדיינק, ווי ער האָט מיך באַגלייט ביז דער שטאָט, זיינע בלאָנדע האָר זיינען טונקעלער געוואָרן; טונקל בלויע אויגן האָבן זיך געטונקט אין ווייטקייט; עס קומט אָן דער פראַכט־צוג. אַ טריט פאָראויס, איך ליג אונטערן וואַגאָן אויף די אייזן... טויזנט דונערן אַ מינוט... „זיי געזונט!" איך ווייס, ער וועט ניט הערן! ער וועט אָבער שטיין און וואַרטן ביז דער רויך פון באַן וועט פאַרשווינדן, דערנאָך וועט ער גיין צוריק און פאַמעלאַך צו די פעלדער פון גרין־גאָלד.

ווייטער:

„טריט, טריט אויף אַלע וועגן,
און די זון לויפט דיר אַנטקעגן;
די פויגל זינגען אין פרימאָרגן,
העי, טרעמפּ: ניטאָ וואָס זאָרגן...

עס איז געווען אַ יאָר שפּעטער. דער זומער איז שוין באַלד פאַריבער, איך בין געווען אין וועג, האָב געוואָלט דערגרייכן דעם לאַמבער־קעמפּ און געפּרואווט קריגן אַרבעט פאַר אַ שטיקל צייט. איך בין געווען מיד און זיך געזעצט אָפּרוען באַם וועג. די זון האָט געהאַלטן באַם פאַרשווינדן; עס איז געוואָרן קיל און איך האָב פאַשטאַנען, אַז עס וועט זיין אַ קאַלטע נאַכט. „איך וועל מוזן דאָ ערגעץ נעכטיגן" — האָב איך געטראַכט. „איך וועל מוזן מאַכן אַ פייער, זיך איינוויקלען אין מיין קאָלדרע און איבערשלאָפן די נאַכט. איך האָב זיך אויפגעהויבן, אַ קוק געטאָן צום הימל, ערשט איך זע פון דערווייטן האָט אַ פייער אַ פלאַם געטאָן. דאָס פייער איז באַלד העלער געוואָרן, עס איז מיר געוואָרן פריילאַכער.

דעם פעקל אויף די פּלייצעס, — צו דעם פייער שפּאַן איך. אין אַ האַלבער שעה האָב איך דערגרייכט דעם פּלאַץ. אַ קליינער טאָל צווישן צוויי בערג.

דרייען זיינען זיי געווען, זיי האָבן מיך געזען קומען און אָנגעהויבן זינגען „טרעמפּ, טרעמפּ, קיפּ אָן טרעמפּינג, דער איז נאַטינג דואינג היר פאָר יו״. איך האָב מיטגעהאָלפן ביז איך האָב דערגרייכט זייער לאַגער, ערשט איינער גייט מיר אַנטקעגן, מאַכט מיט די הענט. עס ווערט מיר ליכטיג אין די אויגן. „דזשעק, דו הינטישער זון!״ ער דערלאַנגט מיר אַ שטורך. איך גיב אים אַ זעץ. דערנאָך פרייען מיר זיך ביידע, ווי קינדער. איינער אַ פעטער יאַט, אַ ריז מיט רויטע פלאַמיגע האָר, דער צווייטער הענמאַן, אַ שוועד, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט גוטמוטיגע אויגן.

מיר זיצן אַרום פייער, איך דערציייל דזשעקן וואוהין איך גיי. זאָג אים, אַז איך קום פון סיאַטל, וואַשינגטאָן. די איבעריגע זיצן און הערן שווייגנדיגע. דער פעטער פרעגט מיך נאָכדעם:

„וואָס, דו ביסט אַוואַבלי?

„איך ניט, און איר?

„יע״, ענטפערט פעטער. הענסאָן שאָקלט מיטן קאָפּ און דזשעק שמייכלט מיט זיינע קלוגע אויגן.

„דו דזשעק? ווי קומט דאָס, דיין עלטער זיידע איז דאָך געקומען אויף דער „מיי פלאַוער״!

„טאָ איז וואָס, פּגר? מיין זיידע האָט געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון די שווארצע, מיין טאַטע איז געווען אין דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער מלחמה, מעג איך דאָך קעמפן פאַר די באַפרייאונג פון די ווייסע״.

פעטער לאַכט און זאָגט: „גוט געזאָגט, מיין קינד, באַפרייען, — דאָס איז דער ריכטיגער וואָרט״.

הענסאָן גיט מיר אַביסל שנאַפּס, איך טרינק, רוק זיך צו נעענטער צום פייער און קוק אויף מיין פריינט.

„וואוהין ציען דיינע פיס? וואוהין וועט דיר דער ווינט פאַר־
בלאָזן?" דזשעק שמייכלט, קוקט אויף די איבעריגע און זאָגט:

„אונזער וועג איז דער זעלבער, מיר גייען אַהין וואו פיין־
בוימער בליען.

„אָרעגאָן?" פרעג איך.

דזשעק שמייכלט.

„סאַטאַנס פאַרעסט, מיין טייער קינד".

עס ווערט מיר קיל אויפן האַרצן „אַזוי יונג און דו ווילסט שוין
שטאַרבן? דו האָסט דאָך אַמאָל צוגעזאָגט אַריבערשפּאַנען דעם
ים מיט מיר!"

„שוין פאַרגעסן!"

דזשעק קוקט אין פייער. פּעטער זינגט אַ טרעמפּיש לידל
ער האָט אַ שיינע באַסאָווע שטים; די בוימער בויגן זיך און הערן,
ווי ער זינגט:

„אומעטום הימל אונזער היים,
אונז פאַרוויגט דער רוישן פון בוים;
פּליס, טייכל, גערים מיין מאַמען,
זאָג איר, איך וועל לאַנג נאָך זאַמען.
וועט די זון אין גאָלד צערינען;
וועל איך רו אין וועג געפינען.

מיר זיינען געזעסן אַ מינוט שווייגנדיג, ענדלאַך האָט זיך
דזשעק אָפּגערופן:

„ווער ווייס וואו די מאַמע איז איצט? שוין אודאי דריי
יאָר ניט געזען און ניט געשריבן קיין בריוול." ער האָט אָנגעשפּאַרט
די הענט אָן אַן אָפּגעהאַקטן בוים און האָט דערנאָך אַ שפּיי געטאָן.

„איך האָב ניט נאָך וואָס צו בייינקען", האָט ער מיט האַס
אַרויסגעזאָגט, „מיין יוגנט איז פאַרבונדן מיט גרויקייט, האָב קיינ־
מאָל ניט געוואוסט וואָס אַ היים איז! אַ שטאָטישער אַנשטאַלט

איז מיין היים געווען. כאַפּט זיי די ניכפּע! אַ גרויקייט האָבן זיי מיר איבערגעלאָזט אין קאָפּ און אַ פּיין אין האַרצן.

שאָטנס האָבן זיך געטונקט איבערן טאָל. די בוימער האָבן זיך צעזאַמענגעדריקט, זיך פאַרפלאָכטן אין פינסטערניש.

„גייט איר טאַקע אין סאַטאַנס פאַרעסט?" האָב איך געפרעגט.

הענסאָן האָט אַרויפגעלייגט אַ פּאָר צווייגן אויפן פייער און געענטפערט: „ זיכער גייען מיר אַהין! צי וואָס אַזוי פיל פראַגעס, קרעציגער הונט?"

„ווייל", האָב איך געענטפערט, „אייערע קריסטלאַכע חברים וועלן אייך דאָרטן איינטיילן אַ פּאָרציע בליי. ווי עס פּאַסט פאַר די פרייידיגער „האָב ליב דיין פריינד".

„שווייג, מכוויר!" האָט זיך פעטער צעשריען. „איך בין אַ קריסט, עס קען ניט זיין קיין גלויבן אָן ליבע, און דאָרטן, וואו עס איז ליבע, דאָרטן איז גאָט!"

„אַלץ, וואָס אָטעמט, האָט ליב", האָט דזשעק געזאָגט, „דער, וואָס קעמפט פאַר פרייהייט, גייט אין די וועגן פון גאָט!"

הענסאָן האָט אַ שמייכל געטאָן און איך האָב געשוויגן.

אין פרימאָרגן האָבן מיר זיך צעשיידט. איך האָב ניט געהאַט דעם מוט צו גיין מיט זיי צוזאַמען אַרבעטן אין „סאַטאַנס פאַרעסט". עס האָט געמיינט אַ קוויטל צום טויט. די לאָמבערבאַראָנען האָבן יעדער שטים פאַר בעסערע באַדינגונגען געוואָלט דערטרינקען אין אַ ים בלוט. „פאַר יעדן בוים איז געווען אַ קבר", האָבן די וועג־מענטשן געזאָגט. האָב איך ניט געוואָלט מיטגיין. יעדנפאַלס בין איך ניט געווען קיין „וואַבלי" און דאָס לעבן איז געווען מיין אייגנס; דערצו בין איך נאָך יונג געווען, קוים דערגרייכט מיין נייַנצענטן יאָר. פון דעסטוועגן איז דזשעק ניט געווען ברוגז, נאָר געדריקט מיין האַנט און איז אַוועק. פעטער און הענסאָן האָבן מער ניט אַ מאַך געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און באַלד זיינען זיי פאַרשוואונדן פון טאָל. האָבן זיך פאַרלאָרן אויף די וועגן.

דריי יאָר שפּעטער. איך קום אַריין אין אַ סאַלון אין „סיאַטל, וואשינגטאָן״. איך האָב געזוכט אַרבעט אין האַפן און ניט געקענט קריגן. אַ מידער, אַ דורשטיגער בין איך אַריין. איך האָב געטרונ־קען מיין סקונער ביר, געריבערט מיין קאָרן־ליולקע און געטראַכט, וואָס צו טאָן. איך האָב אין גאַנצן געהאַט אַ פּאָר דאָלער אין קעשענע, האָב איך באַשלאָסן איבערנעכטיגן און אינדערפרי זיך לאָזן אין וועג אַריין, פון מידקייט פאַרמאַכן זיך מיינע אויגן. דער רויִיקער חדר שלעפערט מיך איין, נאָר דאָס זינגען פון די מיידלאַך וואָס דרייען זיך אַרום די געסט, וועקט מיך אַלע מאָל אויף. עמיצער שטורכעט מיר אין זייט, איך עפן די אויגן, קוק זיך איין, „דזשעק!״

מיר זיצן צוזאַמען. איך באַטראַכט אים. זיך אַזוי געעלטערט. די האָר אַרום די שלייפן גרוי, די אויגן מידע, ער פּרואווט שמייכ־לען, נאָר די ליפּן ציטערן, עס רייסט דאָס האַרץ, איך שווייג.

„הער זיך איין, אייזל, וואָס קוקסט מיר אַזוי אָן?״ ער רעדט צערייצט. איך שמייכל.

„נו טרינק דזשעק! כאַפּט דיר דער טייוול. גוט אָפּצורוען נאָך אַמאָל מיינע אויגן אויף דיר״.

„וואו ביסט דו געוועזן, הינטעשער זון?״ פרעגט ער שוין שמייכלענדיג.

„אומעטום, אינדיק מיינער. און דו ברודער מיינער, וועלכער ווינט האָט דיך געבראַכט אַהער? און אַוואו האָסטו איבערגעלאָזן דיינע הינטישע פריינט, פעטער און הענסאָן?״

גיט ער זיך שנעל אַ הויב אויף, דערלאַנגט מיר אַ טראַסק אין שנוק, בלייב איך צעטומלט, איך פיל אַז דאָס בלוט גיסט זיך פון מיין מויל. זעט ער די בלוט, שטייט ער און קוקט מיך אָן. איך זע, אַז טרערן פאַלן פון זיינע אויגן. דערנאָך זאָגט ער:

„פאַרגיב מיר פריינט!״ זיין שטים איז בעטנדיג, זיינע ליפּן ציטערן, וויש איך אָפּ מיין מויל, שפּיי אויס דאָס בלוט און זאָג מיט היץ:

„וואָס פאַר אַ שטיק פּראַוועסטו? דו האָסט דאָך מיר אויס־געהאַקט אַ צאָן!"

שמייכלט ער דורך טרערן.

„פאַרגיב, ברודערל, זאָל מיר דער גאָט פון אַלע הינט נעמען!"

זיצן מיר און ער דערציילט מיר:

„פּעטער" און „הענסאָן" זיינען געבליבן אין „סאַטאַנס פּאַרעסט". ליגן דאָרטן אונטער אַ בערגל ערד. די בעסטע קינדער, ווי שאָף, האָט מען זיי געשאָכטן! דאָס בלוט וועט דאָך קיינמאָל ניט שטיל ווערן! קיינמאָל ניט!"

איך שווייג, איך קוק אויף אים, אויף זיינע ציטערדיגע ליפּן, אויף די נאַסע אויגן און דאָס האַרץ דריקט מיר מיט אַ כמאַרע.

זיינען אַוועק ליכטיגע זומער טעג. איך האָב געקראָגן אַרבעט בײַ דעם האַפן. דזשעק האָט ווינציג געאַרבעט. ער האָט זיך באַ־קאַנט מיט אַ מיידל, וואָס איז געווען אַ גאַסן־מיידל, שפּעטער האָט זי אָנגעהויבן פירן אַן ערלאַך לעבן. איז געווען פרום און אַלע טאָג געגאַנגען אין קירך. זי איז געווען אַ הויכע מיט אַן אומנאַטירלאַך בלייך פּנים, טונקעלע בלויע אויגן מיט אַשיינעם קאָפּ האָר. דזשעק האָט געוואוסט פון איר פאַרגאַנגענהייט, איך אויך. איך האָב געשוויגן, בין געווען צופרידן וואָס דזשעק איז גליקלאַך.

איך פלעג קומען אָפט צו זיי אין הויז. זויבערע צוויי חדרים. באַטאָג האָט זי געאַרבעט אין פאַבריק, און אַז זי פלעגט קומען אַ היים, פלעגט זי מאַכן אָוונט־ברויט. מיר פלעגן זיצן, טרינקען טיי; זי מיט אַ ווייסן פאַרטוך האָט אַרומגעשוועבט אין הויז, ווי אַ חלום; איך האָב זיך געשראָקן פאַר איר בלייכקייט, געשראָקן זיך פאַרן גליק פון מיין פריינט.

איין אָוונט בין איך געקומען צו אים. ער איז נאָך ניט גע־קומען פון דער אַרבעט. זי איז געלעגן אין בעט, דער פּנים נאָך בלייכער ווי אימער, די אויגן גרעסער און טיפער. זי האָט גע־

פּרואווט שמייכלען, „איך פיל עפּעס ניט מיט אַלעמען", האָט זי שטיל געזאָגט.

איך האָב גערופן דעם דאָקטאָר; זי האָט פּראָטעסטירט, גע־האָט שמערצן, וואָס זי וועט דזשעק׳ן קיין עסן ניט קענען מאַכן. איך טראַכט איצט מיט ווייטאָג וועגן איר. אירע אויגן, איר ווייס פּנים זע איך איצטער דורך דעם שלייער פון יאָרן.

אָרימער דזשעק! איך געדיינק די פאַרנאַכטן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט באַ איר בעט. זיינע פינגער האָבן זיך געפלאָכטן אין אירע האָר, אירע טרערנדיגע אויגן. איך געדיינק די זומער־פאַרנאַכטן, וואָס פלעגן שטאַרבן מיט די לעצטע שטראַלן אויף זייער פענסטער, די ערשטע גרויקייט, אין דעם ציטערדיגן שיין פון פון דעם רויטן לעמפּל באַ איר בעט, די לאַנגע נעכט, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט ענדיגן, און די ערשטע שטראַלן פון דער זון אין פרימאָרגן. אַלץ געדיינק איך, מיט צאַפּלדיגן ווייטאָג, וואָס שרייט פון מיר אַרויס.

עס איז געווען אַ שטורם אין דרויסן. דער רעגן האָט געקלאַפּט, געריסן די פענסטער. דער רויטער לעמפּל האָט זיך געטונקט אין גרויקייט; דזשעק איז געזעסן באַ איר בעט, די אויגן האַלב פאַר־מאַכט, איך האָב אַרויסגעקוקט אין שטורמדיגן דרויסן. זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, האָט געקוקט אויף אַ שוואַרצן פלעק אויף דער וואַנט, געקוקט שטאַר. שאָטנס האָבן זיך געפּאַכט אין די ווינקלען, האָבן געזונגען זייער ליד פון ערגעץ־לאַנד; פּלוצלונג הויבט זיך אויף די האַנט, לייגט אַרויף אויף זיינע; ער דרימלט; איך שטיי, קען זיך ניט רירן — זי פאַרמאַכט די אויגן; די לאַנגע ברעמען פאַרציען זיך, ווי דין גאָלד, אַ הונט ערגעץ צעשרייט זיך מורא׳דיג, ביידע ליגן שטיל; איר חלום איז געענדיגט. אוז פיליכט?... ער דרימלט — דאָ — שטיל, שטילקייט...

דזשעק איז אַוועק אין די קוילן־פעלדער, איך בין אַוועק אין ניו יאָרק. ווי אַן אומרואיגער גייסט האָט ער זיך געטראָגן פון

פּלאַץ צו פּלאַץ. איך האָב געמאַכט מיין היים אין אַ שטיינערנער קאַסטן אין דער הויך און דאָרטן האָב איך געפונען מיין חלום. איצט ליגט די ציימונג פאַר מיר. דזשעק איז טויט! איך קוק אין דער גרויקייט. טראַכט טויזנט זאַכן מיט איין מאָל, זי — ער — „גאָט איז ליבע״ ערגעץ אונטער אַ בערגל ליגט ער. ווייסע שניי ערשט געפאַלענע זאַמלט זיך גאַנצע הויפנס. עס רוט דאָרט אַ מענטש, וואָס האָט זיין לעבן אַוועק געגעבן פאַר אַלעמען.

מיט אַ ציטערדיגער האַנט שרייב איך, קוק אין דעם פריי־מאָרגן און טראַכט אַלערליי געדאַנקען. נאָר גרויקייט שפּרייט זיך אַרום מיר, איך פאַרמאַך מיינע אויגן מיט מידקייט, איך וויל ניט טראַכטן... ניט טראַכטן, נאָר זיך פאַרווינגן אין פאַרגליווערטן שוויינן.

# ווען איך בין יונג געווען

עס איז געווען האַרבסט; איך האָב ליב אומעטיקע טעג. איך האָב ליב דאָס וויינען פון ווינט, דעם דריבנעם רעגן, די אומעטיקע שטילקייט. נאָר דעם האַרבסט האָט געהאַלטן אין איין רעגענען. טאָג נאָך טאָג דיזעלבע; די קליידער שוין אביסל צוריסן, דער קערפּער אויסגעצערט, האָב איך מיין היים געמאַכט אין אַ ליידיגער הויז ביים וואַסער און גאַנצע נעכט געלעגן אין פיבער. ביי טאָג זיך געשלעפּט איבער די גאַסן און געפּרואווט קריגן עפּעס צום עסן.

עס איז געווען סוף אָקטאָבער. אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעשלעפּט, געקראָגן אַ פּאָר סענט, נאָר עסן האָב איך ניט געקענט. מיין גאַנצער קערפּער האָט פיבערדיג געברענט; די ליפּן און דער גומען פאַרטריקנט; קאַלטער שוויים האָט געבאָדן מיין קערפּער. אין דרויסן האָט שוין ניט גערעגנט. נאָר אַ קאַלטער ווינט האָט זיך געטראָגן פון וואַסער. איך בין געווען אַרום צענטער עווניו. האָב קוים זיך דערשלעפּט צו אַ קאָרדיאָר פון אַ גרויסע הויז, אָן ליכט. האָב איך זיך אוועקגעזעצט אויף די הילצערנע שטיגן און באַלד איז מיר אַ מידקייט באַפאַלן. מיט אויגן האַלב־אָפענע בין איך געזעסן. דערנאָך באַוואוסטלאָזיקייט, פרידן: זומער, מיט אַ זומער־הימל און אייביגע פרייהייט.

איך האָב געעפנט די אויגן און געטראַכט, אַז איך חלום. אַ חדר, אַ בעט — און איך ליג איינגעדעקט וואַרים, ווי אַן איינציג קינד. דער חדר איז האַלב פינסטער. עס איז נאָך האַלבער נאַכט. עס מוז אַ חלום זיין! דער קאָפּ האַמערט, פייער פאַר די אויגן. איך הער: די טיר עפנט זיך; צוויי שאָטנס רוקן זיך צו מיין בעט. איך האַלט איין דעם אָטעם, פאַרמאַך די אויגן. עמיצער בויגט זי איבער מיר. אַ קאַלטע האַנט באַרירט מיין הייסן קאָפּ.

„נו, וואָס זאָגסטו, פלאָרענס ?" א ווייבע פרויען־שטים ציטערט אין חדר.

„ער האָט נאָך פיבער", האָט די צווייטע געענטפערט.

„וואָס וועט מייק זאָגן, אַז ער וועט אים זען ?"

פלאָרענס שווייגט א ווײַלע.

„ער וועט זיין בייז און שלאָגן..."

„איך האָב אים געפונען א האַלב־טויטן. מען קען דאָך ניט לאָזן א קינד פגר'ן אין גאַס".

„ער וועט בייז זיין און שלאָגן..."

זי ווערט אַנטשוויגן און איך האַלט איין קוים דעם אָטעם.

„זאָל ער שלאָגן, מעי ! וואָס, בין איך ערגער ווי א צויג ? וואָס אַרט אים ! זיינס גיב איך דאָך אַוועק. זאָל אים דער קאָפּ ניט דרייען פאַר די איבעריקע".

מעי רעדט מיט א ציטערדיגער שטים :

„ער וועט דיך הרג'ענען, פלאָרענס, דו קענסט דאָך אים !..."

„זאָל ער שלאָגן. אַלע איינס שלאָגט ער, ווען ער וויל. בעסער געוועזן דערשטיקט ווערן אין מיין מאַמעס בויך, איידער אַזוי לעבן !..." (עס הערט זיך א שטיל כליפּען).

„וויין ניט, קינד", בעט מעי. „אַזא מזל. וואָס קען מען העלפן ? עס וועלן נאָך אַנדערע צייטן קומען. וואָס קען מען וויסן ? וואָס האָסטו היינטיגע נאַכט געמאַכט ?" — פרעגט פלאָרענס ווישנדיג די אויגן.

„צוואַנציג דאָלער, און צען אַרויסגעשלעפּט ביי א יאָלד פון קעשענע. און דו ?"

„אויך ניט שלעכט. נאָר מיין קערפּער איז אינגאַנצן צע־ווייטיגט ! ער האָט געריסן מיין לייב, ווי א ווילדער ; געקנייפּט און געביסן, ווי א חיה ! הינטישע פעל, וואָס זיי זיינען. מען קען זיי קיינמאָל ניט זעטיגן !"

„נו, האָב מיר א גוטע נאַכט. וואו וועסטו שלאָפן ?" — פרעגט מעי.

„מיט אים צוזאַמען. איך וועל דאָך אים ניט לאָזן אַליין!
מעי פאַרלאָזט דעם חדר. איך ליג מיט אַ קלאַפּנדיקער האַרץ. דורך
אַ ווינקל פון איין אויג קוק איך, ווי זי טוט זיך אויס. נאָך יונג.
ניט איבער צוואַנציג. מיט קאַרע אויגן. איך פאַרמאַך זיי, האַלט
צו מיין האַרץ. פינסטער אין חדר. שאַרנדיגע טריט. באַלד וועט
זי מיט מיר אויף איין געלעגער ליגן. מיין גאַנץ יונג בלוט שטורמט
אין מיר. די אויגן ברענען און דאָס לייב ציטערט אין פיבער.
פלאַרענס גלעט מיינע האָר. אירע הענט ציטערן. די שטילקייט
דריקט מיין האַרץ! נאָר אָט ווערט די שטילקייט איבערגעריסן
פון איר שטילן כליפּן און די פינסטערניש ציטערט אויף און עס
וויינט דער גאַנצער חדר.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אַ קאָשמאַר געדריקט מיין האַרץ. פאַר־
טאָג בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן און זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן
טאָג. אַ בלאַסע, קאַלטע זון איז געוועזן צעגאָסן איבערן שטאָט.
איך בין געוועזן אַליין אין חדר. אַליין מיט זיך! אַמאָל אין אַזעלכע
שעה'ן פלעג איך גאָט בעטן, וואַרטן אויף זיין טרייסט. נאָר איצט
האָט מיך געדריקט אַ פּוסטע גלייכגילטיקייט. זאָל זיין, וואָס עס
וויל. מעג מיין לעבן אויף אייביג פאַרגיין! אַלץ איינס! אַלט
בין איך מיט מיינע זיבעצן יאָר. מיד בין איך און איינער אַליין.

אויפהויבן האָב איך זיך ניט געקענט. די גלידער שווער און
דער קאָפּ פיבערדיג. האָבן זיך מינוטן געשלעפּט ווי אייביקייטן!
זיינען די שאָטנס פון מידקייט געלעגן פאַרגליווערט אין די ווינק־
לען. אין דרויסן האָט די שטאָט געשריען צו מיר, גערופן מיך,
און איך האָב געקוקט דורך דעם פענסטער און געוואַרט אויף מיינע
לעצטע מינוטן.

פלאַרענס איז געקומען, האָט געבראַכט זאַכן צום עסן, געזען
מיינע אָפענע אויגן און איז צוגעלאָפן צום בעט. איר האַנט האָט
ציטערדיג געהאַלטן מיינע. ריידן האָב איך ניט געקענט, נאָר די
טרערן זיינען גערונען איבער מיינע באַקן און פלאַרענס האָט גע־
וויינט אויף מיר קוקנדיג.

„מען דאַרף ניט קינד", האָט זי כליפּנדיג גערעדט. „דו וועסט זיין מיט מיר און היטן וועל איך דיך, ווי אַ צאַרטע מוטער".

פלאָרענס לויפט אַרום אַ פריילאַכע איבערן חדר. נאָך אַליין אַ קינד. זיבער ניט איבער צוואַנציג. אַ לאַנגלאַך געזיכט, אַ ווייסע מאַרמאָר־האַלז און איצט, מיט דעם ווייסן פאַרטוך אַרום איר טאַליע, שיינט זי מיט ליכטיקייט. זי קען ניט זיין זינדיג! און ווי קומט זי אַהער? איך קען לאַנג ניט טראַכטן. עס קומט אַריין מעי. זיי פרייען זיך ביידע. זי האָט פאַר מיר אַ שלאָפּראָק גע־קויפט. זיי טאַנצן אַרום מיר, ווי קינדער. ווער זאָגט, אַז עס איז דאָ אַ זינד? איך דערמאָן זיך אָן דאָסטאָיעווסקי׳ס „פאַרברעכן און שטראָף". מיר ווילט זיך אויסשרייען: „איר זייט ריין פון זינד, ווייל איר זייט אַ סימבאָל פון דער גאַנצער געפאַלענער מענטשהייט!"

עס איז געווען פאַרנאַכט, ווען „רעד מייק" איז געקומען. פלאָ־רענס איז בלייך געוואָרן. מעי איז שנעל אַרויס פון חדר. זעקס פוס די הויך, מיט פלאַמיגע רויטע האָר, גרויע בייזע אויגן און די ליפּן פעסט צוגעדריקט איינס צום אַנדערן. אַ קאַלטער שוויים האָט באַדעקט מיין קערפּער.

אַ מינוט איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף מיר. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן.

„וואו האָסטו געפונען דעם פּגר?" — זיין שטים איז געווען האַרט, נאָר ניט בייז. איך האָב געעפנט די אויגן, געזען די טרערן, וואָס האָבן געציטערט אויף פלאָרענסעס ברעם.

„אין קאָרידאָר איז ער געלעגן, האַלב טויט. מען קען דאָך ניט זיין אַזוי. פאַראַן דאָך אַ גאָט?!"

זיין געזיכט האָט זיך אַ קרים געטאָן:

„אַז עס איז דאָ אַ גאָט, זאָל ער העלפן! אַ סך געפּייניגערטע קעץ און הינט אין גאַס. זאָל ער זיך ווייזן און זיי העלפן! אַ סך האָט ער מיר געהאָלפן! דו זעסט דאָס?" — ער ווייזט איר

מיט פאַראַכטונג זיין האַרטע פויסטן. „דאָס העלפסטו! אַז ניט, פגר אין גאַס און רוף צו גאָט וויפיל דו ווילסט!"

פלאָרענס שווייגט. אירע ליפּן ציטערן.

„דו קענסט אים האַלטן, נאָר פאַרגעס ניט צו גיין וואו מען דאַרף! אַ סך געלט דאַרף איך האָבן. און מענער, וואָס זוכן דיין גלייכן זיינען דאָ אַ סך. טאָ געדענק!"

ער פאַרלאָזט דעם צימער. פלאָרענס לויפט צו צו מיין בעט און לאַכט מיט טרערן.

אין די ביינאַכטיגע שטונדן וואָס פלאָרענס איז ניט געווען, איז מיר דער חדר געווען איינג. אַ סך מיידלאך זיינען געווען אין הויז. און אַמאָל פלעגט איינע בלייבן מיט מיר און זיצן ביי מיין בעט און מיר מאַכן היימלאַכער די לאַנגע אָוונטן. פון בעט אַרונ־טער האָב איך נאָך ניט געקענט, כאָטש איך האָב שוין געפילט אַ סך בעסער. געוואוסט האָב איך, אַז אין גיכן וועל איך דאַרפן פאַרלאָזן דאָס הויז און ניט געוואוסט וואו איך וועל זיך אַהינטאָן.

אין דרויסן האָט געשנייט. דער ערשטער אָנזאָג פון ווינטער. דער זייגער איז שוין געווען צען. פלאָרענס און מעי זיינען אַוועק. די שוואַרצע פלאָראַ, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויפן הויז, איז אַוועק עפּעס קויפן. אין הויז איז געווען שטיל. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ שטילקייט. געטראַכט האָב איך גאָר ניט. דורך דעם פענסטער האָט מען נאָר געזען אַ שטיק הימל און די פאַרשנייטע דעכער. ליג איך און קלער, אַז עס מוז זיין אַ צויבער די גאַנצע זאַך. און איך וואַרט, דער הימל זאָל ווייזן זיינע וואונדער.

עפנט זיך די טיר. עס קומט אַריין סאָניאַ. זי איז געבליבן אין הויז, ווייל זי האָט ניט געפילט גוט. דער דאָקטאָר האָט גע־זאָגט, אַז עס איז יענע קרענק. מייק האָט זיך געבייזערט, נאָר אין הויז איז זי געבליבן. געבראַכט טשאָקאָלאַד און זיך געזעצט ביי מיין בעט. אַ שיינע איז געווען סאָניאַ, מיט בלויע אויגן און

דאָס געזיכט, ווי אויסגעטאָקט. צו וואָס, צום שוואַרץ יאָר, האָט זי אַזוי דעם געזיכט פאַרשמירט?

זי נעמט מיין האַנט און פרעגט שטיל:

„ווי פילסטו, גרויסער יונג?“

„איך וועל באַלד זיין איינגאַנצן געזונט“.

איך קוק אויף אירע אומעטיגע אויגן.

„פון וואַנען קומסטו, סאָניאַ?“

„פון דאָרטן, פון וואַנען אַלע קומען!“ לאַכט זי ציניש.

„וואו ביזטו געבאָרן? מיין איך“.

„דער טייוול ווייסט וואו! זיכער ערגעץ אויף אַ בוידעם, וואו שוואַרצע קעץ האָבן געשריען!“

איך שווייג. מען דאַרף ניט פרעגן אין דער וועלט; מען קומט פון אומעטום. יעדעס לאַנד, יעדע שטאָט און שטעטל גיט זיין טייל צום גאָט פון זינד.

„דו ביזט אַ אידיש קינד?“ — פרעגט זי דערנאָך.

„יאָ. געבאָרן אין רוסלאַנד, אונטער אַ זוניג הימל. ברייטע פעלדער און וועלדער מיט סאָסנאָווע בוימער זיינען דאָרטן פאַראַן“.

איך בלייב שטיל. דאָס האַרץ ווערט שווער.

„איך בין אויך פון דאָרטן. די זון האָט פאַר מיר קיינמאָל ניט געשיינט. די מאַמע האָט מיך פאַרלאָזן, ווען איך בין נאָך אַ קינד געוועזן. מיינע קינדער־יאָרן אין אַ פינדל־הויז פאַרבראַכט. צו זעכצן יאָר אַנטלאָפן און אַזוי לעבט מען!“

„ווי אַלט ביזטו?“

אירע ברעמען ציטערן.

„וואָס איז דער אונטערשייד? אונזעריגע ציען ניט לאַנג! נאַכט־פייגל ווערן געבאָרן און ווערן פאַרלאָרן, ווי די שאָטנס, ביי־נאַכט...“

„נו, וואָרום גייסטו ניט אַוועק פון דאַנען? די וועלט איז גרויס. קענסט נאָך אַמאָל גליק געפינען“.

זי לאַכט הייזעריגלאַך.

„וואוהין גיין? ווער וועט מיין ווערימדיגן קערפּער וועלן? איך קען ניט אַרבעטן. איך האָב מורא פאַר דער פאַבריק. און וואָס איז זיי בעסער, ווי אונז אַ? וואָס פאַר אַ פרייד וואַרט אויף זיי? אַלץ איינס, מיר זיינען געבאָרן פאַר דעם. מענער בלאָנדזשען אַרום און דאַרשטן, ווי אין מדבר, נאָך אונזער לייב, און מיר גיבן זיך אָפּ צו זיי און צאָלן נאָך צו געגוג פאַר זייערע קינדער און קינדס קינדער. איך זאָג דיר, אַז גאָט האָט פיינט די וועלט. ער האָט אונז באַשאַפן זי צו צושמעטערן!“

אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן. פלאַרענס איז געקומען פאַרטאָג אַהיים אַ מידע. געדריקט איר קאַלטן קערפּער צו מיינעם. אומרואיג האָב איך זיך געדרייט אויף מיין געלעגער.

„דו שלאָפסט ניט, בען?“

זי האָט געגערעדט שטיל.

„איך קען ניט שלאָפן! פאַרוואָס ביזטו היינט געקומען אַזוי שפּעט?“

„ניט געוואָלט קומען פריער. היינט האָב איך געהאַט אַ גוטע נאַכט. אפילו זיין געלט ניט געוואָלט נעמען, נאָר ער האָט געבעטן, האָב איך גענומען“.

„ווער איז ער?“

זי שווייגט אַ מאָמענט.

„ווער ווייסט, ווער ער איז? מיר פרעגן קיינמאָל ניט! ער איז יונג געוועזן בען. אַ בלאַס געזיכט מיט גרויסע אומעטיגע אויגן. ער האָט מיך געקושט, בען!“ — איר שטים ציטערט — „אָרימער, נעבאָך. קיין פרייד אין לעבן זיכער ניט געהאַט! „ליבסטע!“ האָט ער מיך גערופן“.

זי בלייבט שטיל. איך פיל, זי וואַרגט זיך מיט טרערן.

„סאָניאַ איז דאָ היינט געוועזן“, זאָג איך. „זי איז קראַנק!“

„מיר זיינען אַלע ווערימדיג, בען. בעסער אַנטלויף פון אונ־זער גליכן. מיר וועלן אַלע פאַרפוילט ווערן!“

„טאַ פאַרוואָס גייסטו ניט אַוועק, פלאָרענס? די וועלט איז דאָך אַזוי גרויס און דו ביזט אַזוי שיין!"

„ניטאָ וואוהין צו אַנטלויפן. איינמאָל ביזטו אַריין אין דעם לעבן, איז אַלץ פאַרלאָרן. עס גייט אַריין אין בלוט און מען לעבט אַזוי ביז דער טויט קומט. זומער איז „בייב" אַוועק און איז צוריק־געקומען. ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אונז אין ערגעץ".

אַ פיינלאָך שווייגן ווערט פאַרגליווערט אין דער לופט. איך טראַכט ביי זיך, אַז איך ווער אַלט אין אַט דעם הויז. אוים קינד! אויסגעוואַקסן און יאָרן קלאַפּן אין מיין טיר.

„וואָס טראַכסטו?" פרעגט פלאָרענס.

„איך טראַכט, אַז איך בין שוין ניט קיין קינד. איך מוז גיך געזונט ווערן, נעמען עפּעס טאָן און דינגען אַ חדר."

איך בלייב שטיל. מיר איז שווער צו ריידן.

„וואָס, דו ווילסט אַנטלויפן פון מיר, בען?"

„ניט אַנטלויפן, פלאָרענס. פאַרשטייסט, מיר קענען אַזוי ניט ליגן אין איין בעט! איך שלאָף ניט קיין נעכט!"

זי שווייגט. איך הער איר שווערן אָטעמען.

„דו דאַרפסט ניט באַרירן מיין לייב! דו ביזט דאָך נאָך ריין. מיין לייב איז אַלעמענס! ווער עס קען באַצאָלן — דער קען קומען. און קיין זייף וועט דאָס שוין ניט אָפּוואַשן".

„רייד ניט אַזוי, פלאָרענס!" מיינע הענט דריקן אירע. „פאַר מיר ביזטו ריין".

זי דריקט מיך צו זיך און כליפּעט.

דעם ערשטן מאָל, אַז איך בין אַרונטער פון בעט. די פיס זיינען נאָך אַביסל וואַקלדיג, נאָר איין פרייד פילט אָן מיין האַרץ. מייק האָט מיך געשיקט רופן. איך גיי דורך די גאַסן, אָטעם איין די אייז־קאַלטע לופט און איך פיל ווי צו דריקן יעדן איינעמס האַנט. עס איז גוט צו לאַכן?"

מייק וואוינט אין אַ גרויסער הויז, ניט ווייט פון וואַסער. די הילצערנע לאָדן, די שווערע הילצערנע טיר, די פאַרהאַנגענע פענ־

סטער אַטעמען מיט אומעט. איך שלעפּ דעם בענדל. אַ טעמפּ קלינגען. סעקונדן פליען. די טיר עפנט זיך. אַ טונקעלער קאָרידאָר און דערנאָך אַ הינטער־צימער. אַ פרוי גייט אין פאָרויס. עס איז צו טונקל צו זען איר געזיכט. דער חדר איז מיט שווערע לאָדן פאַרמאַכט. די לופט איז אַ שווערע און איך פיל ווי קאַלט שוויים שפּאַרט זיך דורך מיין לייב.

„ווער איז דאָרטן, מיימי?“

מיימי מאַכט אויף די גאַז־ליכט. אַ שווערע פרוי מיט אַ רויטן פנים. עס ווערט האַלב־גרוי אין חדר. איך בלייב זיצן אויף אַ שטול. איך פיל זיך ווי אַ שאָטן אין גרויסן חדר. שטילע טריט קומען. זיכער, ניט מייק. ביי דער טיר אין דער האַלבער גרויקייט בלייבט שטיין אַ מיידל. דערנאָך גייט זי אריין אין חדר.

„מייק איז אַוועק“, זאָגט זי שטיל און קוקט שאַרף אויף מיר.

איך וויל זיך אויפהויבן. זי גיט אַ מאַך מיט דער האַנט.

„ער וועט באַלד קומען. זיץ און וואַרט. דיינע געשעפטן וועלן ניט פאַרלאָרן גיין!“

איך וויל אַוועק. עפּעס ווילט זיך אַנטלויפן. זי קוקט אויף מיר מיט אירע גרויסע פיבער־אויגן. יונג, נאָך אַ קינד, העכער פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קערפּער וואָס דערמאָנט אָן פרילינג. מיר דאַכט זיך, אַז דער חדר ווערט אָנגעפילט מיט דעם אַראָמאַט פון בלומען. איר געזיכט עטוואָס טונקל, מיט אַ קליין שטאָלץ נעזל; מיט ליפּן, וואָס דערציילן פון אַ סך פרייד.

„נו, ווילסטו וואַרטן אָדער אַנטלויפן פון מיר?“

זי לאַכט קינדעריש.

„איך וועל וואַרטן. פאַרוואָס זאָל איך אַנטלויפן?“

„גוט!“ זאָגט זי. „מיימי, ברענג אריין אַביסל דזשין!“

עס הערן זיך די שווערע טריט פון מיימי׳ן.

„טרינק! לאָמיר פריילאַך זיין!“

איך נעם דאָס גלעזל, שעם זיך זאָגן, אַז איך האָב נאָך קיינ־מאָל ניט געטרונקען. עס ברענט אין האַלז. איך פאַרבייס די ליפּן און שווייג.

„ווי יונג דו ביזט, בען! נאָך געדאַרפט זיין ביי דיין מאַמעס פאַרטוך".

„וואָס, דו ביזט דען אַלט? דו קוקסט אַליין אויך ניט אויס, ווי אַ באָבע!"

זי שמייכלט.

„ביזט אַ פיינער יונג. מייק'ן וועסטו געפעלן! און דיר וועט גוט זיין".

עס הערט זיך אַ טעמפּ קלינגען. זי רויטלט זיך, שפּרינגט אויף, לויפט צום טיר. איך זע מייק'ן. זיינע רויטע האָר לייכטן דורך דער גרויקייט. ער זעט איר שטיין ביי דער טיר. זיינע אויגן ווערן גרעסער, זיינע גרויסע הענט נעמען זי אַרום ווי דער ווינט אַ בלום. זי פאַרלירט זיך אין זיינע אָרעמס. ער גלעט אירע האָר אַזוי צערטלאַך, אַז ניט ווילנדיק, ווערן מיר די אויגן נאַס.

„מאַריאַ, מאַריאַ!" רעדט ער. „גוט וואָס דו ביזט געקומען. איך האָב געבענקט, מאַריאַ!"

זיי פאַרשווינדן אין נעקסטן חדר.

„הער זיך איין, דו שנעק!" רעדט מייק צו מיר. „דו האָסט אַ פאַרוף פון אַן אומשולדיקער בהמה און דו קענסט מיר נוצלאָך זיין. מוזט אָבער ניט האָבן קיין שטרוי אין קאָפּ און זיין אַ יאָלד. דו פאַרשטייסט? וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן — דו האַלט דיין מויל פאַרמאַכט. דו וועסט דאָס טאָן, אויב דו ווייסט וואָס גוט איז פאַר דיר".

זיינע אויגן זיינען געוואָרן האַרט און שטרענג.

איך בין געגאַנגען אַהיים און ניט געקענט פאַרטיג ווערן מיט די געדאַנקען, וואָס האָבן געשטויסן איינע די אַנדערע. מייק וועט

מיך מאכן פאר א דאופ־פעדלער. געוואוסט האב איך, אז די ארבעט איז זייער געפערלאך. נאר מיך האט ניט געארט. מיר האט גע־רייצט, וואס איך דארף טאג־טעגלאך שפילן די ראלע פון א העלד און זיך אויסהיטן פון די דיקס (פאלים). איך וועל ווערן א גרויסער רויבער, ווי „ראבין הוד", און וועל העלפן אלע ארימע. מאריא! ווי שטארק און צערטלאך ער האט זי געדריקט צו זיך. אלט בין איך געווארן דעם טאג און ווען איך בין געקומען אהיים, איז מיין אמאליגער לעבן אפגעווישט געווארן, מיינע מוסקולן זיינען שטאר־קער געווארן און דער אלטער טאג איז אייביג פאר מיר פאר־גאנגען.

מארגן וועל איך זיין מיט מייק׳ן. מאריא וועט פילייכט דארטן זיין. א לייכטער ווינט מיט פרילינג בלאזט דורך אין חדר. באלד וועט דער שניי צוגיין און א בלויער הימל וועט אראפרופן צו מיר.

פלארענס איז געקומען פאר פרי אהיים. איך האב איר אלץ דערציילט. א בלייכער שמייכל האט זיך באוויזן אויף אירע ליפן. א לאנגע צייט האט זי געשוויגן. אין חדר איז געווארן אומדער־טרעגלאך דושנע.

„ווער איז די מאריא?"

פלארענס האט זיך א צאפל געטאן און אנגעכאפט מיין האנט.

„היט זיך, בען!" אירע אויגן זיינען גרעסער געווארן. „ער וועט ניט לאזן קיינעם לעבן, ווער עס וועט שמייכלען צו איר."

איך האב זיך צולאכט, און דער געלעכטער איז מיר געבליבן שטעקן אין האלדז.

„ער האט איר שטארק ליב", רעדט פלארענס אומעטיג.

זי בלייבט שטיל און איך זע טרערן אין אירע אויגן.

„דו הערסט, בען! איך האב א פאר דאלער. איך וויל, אז דו זאלסט עס האלטן ביי דיר. פארט א מאן! און ווער ווייסט וואס עס קען מיט א מענטשן פאסירן?"

עס איז געווען ווייטקייט אין איר בליק, אייביקייט האט גע־רוט אויף איר ברעם, און איך האב גאר ניט פארשטאנען. גענומען

דאָס געלט און רואיג געשלאָפן די נאכט. אז איך בין אוועק, איז זי געלעגן מיט אָפענע אויגן, א שטומען בליק געוואָרפן צו מיר. איך בין צוגעגאנגען צו איר, געהאַלטן די האנט אין מיינער. די זון האָט זיך געשפּילט אין חדר און דאָך איז געווען אַזוי אומעטיג.

„דו גלויבסט אין גאָט, בען?" האָט זי געקוקט אויף מיר.

„איך וויים ניט, קינד! אַמאָל גלויב איך און אַמאָל דאַכט מיר, אַז קיין זאַך איז ניטאָ, און מיר זיינען מער ניט, ווי שאָטנס."

זי האָט אַ שמייכל געטאָן. איך בין אוועק און קיינמאָל מער זי ניט געזען. אהיים איז זי מער ניט געקומען. און דורך די נעכט פלעגט נאָך איר שאָטן רוען ביי מיין זייט. געוואוסט האָב איך דאָך, אַז זי איז מער ניטאָ אונטער די שטערן, און דער הימל איז געווען דערזעלבער ווי אימער, און דער ווינט האָט פרילינג געבראַכט. נאָר איך האָב ביי זיך אין הארצן איר שאָטן געטראָגן.

מאריאַ האָט ניט געוואוינט מיט רעד מייקן צוזאמען. ער האָט ניט געוואָלט ריזיקירן צו האַלטן זי ביי אים אין הויז. דער שוואַרץ־יאָר ווייסט, וואס עס קען זיך מאכן! בעסער איז, אַז זי זאָל זיין אוועק פון געפאר.

אַ הויז ביים ברעג פון האַדסאָן, מיט אַ גרויס פעלד, אַ גאָרטן מיט בלומען און ניט ווייט אַ שיטער וועלדל — איז איר היים געווען.

דער אַלטער פּעטראָ מיט זיין ווייב זיינען געווען שטענדיק מיט איר. מייק פלעגט אָפּט פאָרן צו איר און קומען צוריק אַ פרייליכער, גאָר אַן אַנדערער מענטש. אַ סך מאָל האָט ער מיר געשיקט צו איר מיט בלומען און אַנדערע זאַכן און אַז איך פלעג צוריק קומען, האָט ער מיך אַריינגענומען אין זיין חדר און איך האָב אים געמוזט פון אַלץ דערציילן, און ער איז געזעסן אַ שוויי־גענדיגער, מיט אַן אומעט אויף זיין געזיכט.

אַמאָל, זיצנדיק מיט אים אין חדר, האָט ער שטיל זיך צורעדט:

„ווי היינט זיינען מיר. וואס האב איך פון מיין לעבן? און ווער וועט וויינען נאָך מיין טויט? וועט מען מיין טויטן קערפּער

אַמאָל אין אַ פינסטערן ווינקל געפינען. וועט מען ערגעץ אין אַ לײדיגער פעלד אַ קבר מאַכן און דער ווינט וועט װײנען איבער מיר".

„עס איז גוט, וואָס דו האָסט אַ גאָט. אַמאָל ווילט זיך אויס־וויינען דאָס האַרץ. איז ניטאָ פאַר וועמען! אַזוי ווי פון אַ שטיין געבאָרן!"

אין אַזעלכע מאָמענטן האָב איך אים ליב און דאָס האַרץ טוט מיר וויי פאַר אים.

פרילינג איז געקומען. אַ ליכטיקער הימל, אַ פרײדיקע ערד. איך גיי איבער אַ נאַקעטע פעלד. די גראָז הויבט שוין אָן צו שפּראָצן. אונטן רוישט דער האָדסאָן. אויבן זינגט דער הימל. מייק האָט מיך געשיקט מיט בלומען צו מאַריאַ'ן. אַ רויטע הויז גלאַנצט קעגן דער זון. אַ ווייסע קלייד שימערירט לעבן דער טיר. איך בלייב שטיין. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק. מיין יוגנט־טרוים רופט צו מיר. וועל איך באַלד זען אירע אויגן; איר וואַרימע האַנט וועט ליגן אין מיינער.

„מייק! אַ פיינער פריינט ביזטו! איך שעם זיך פאַר זיך אַליין. אַ הינטיש האַרץ האָסטו!" — רייד איך צו זיך אַליין.

איך גיי מיט אימפּעט צום הויז. מען דאַרף ניט טראַכטן. בעסער אַזוי. אָט פלאַטערט איר קלייד. איך פאַרמאַך די אויגן. נאָר זי איז דאָ. זי וועט אייביג זיין!

מיר האָבן ווייניג גערעדט. אַ פּאָר מינוט זיינען מיר געזעסן אין דרויסן. איך האָב איר דערציילט פון מייק'ן. נאָר די ווערטער האָבן זיך ניט געקלעפּט. איך האָב אויסגעמיטן צו קוקן אויף איר. אַ פּאָר מינוט זיינען אַוועק אין שמערצלאַכן שווייגן. איך האָב זיך געוואונדערט, אויב זי פאַרשטייט. איך האָב לייכט באַרירט איר האַנט, שטיל זיך געזעגנט און אַוועק. איר בליק הינטער מיר האָב איך געפילט און אין האַלדז האָט געשטיקט צו טרערן. איך בין געגאַנגען פּאַמעלאַך. די זון איז פאַרגאַנגען; איבערן האָדסאָן

האט געפלאמט דער הימל. א הילפלאזיקייט איז מיך באפאלן. אויף א בערגל בין איך געבליבן זיצן נים געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך. איין זאך איז געווען זיכער, אז איך מוז אוועק. ווייט ביז די ברעגן פון הימל וועלן דערגרייכן די ערד. א נייע וועלט שאפן פאר זיך, אויב איך וועל קענען. ווייטער אזוי קען מען נים לעבן!

און געטראכט האב איך, אז איך בין זייער אלט, און אלץ האבן מיינע אויגן שוין געזען, כאטש פריידיגע מינוטן האבן ווייניג באריךט מיין לעבן. גרויע פאבריקן, מענטשן אויטאמאטן, מאשינען־געראויש — אין דעם שטענדיקן שרייען פון אזוי פיל לעבנס. האט מיין יונג הארץ געוויינט און געזוכט באפרייאונג, און די טעג זיינען יארן געווען; מינוטן האבן מיך אלט געמאכט און איצט איז מיר שווער צו טראגן מיין אלטע קאפ. מיין ווינגעלע איבערגעלאזט ווייט און פארגעסן. דער גאט פון מיין קינדהייט איז א שאטן געווארן און קיין אנדערער איז ניטא. און מיין אלטער קאפ טראכט שווערע געדאנקען, און מיין יונג הארץ וויינט נאך פרייד, און די זון פארגייט, און דארטן, הינטער א שאטנדיקער פעלד איז זי דא. איך האב איר ליב מיט מיינע זיבעצן ווינטערן! און מיין הארץ וויינט אויף די זומערן, וואס הענגען פארוואלקנטע אויף מיין ברעם. שנעל, שנעל לויפט דער באן, שלעפט שטיקער פינסטערניש מיט זיך. די נאכט פארשווינדט. ראזעווער פרימארגן גייט־אויף אויף די פעלדער. די זון צושפילט זיך מיט ליכטיגע פלעקן אויף דעם וואגאן־פענסטער. עס נאגט דאס הארץ. עס ציטערט די ברעם. איך וועל פרעמדע ערד באטרעטן, וואנדערן דורך גאסן און זוכן רו. וועל איך מיין בענקשאפט אויף פעלדער פארזייען, מיין אומעט פאר דער נאכט אויסוויינען. ווייל מיין הארץ איז יונג און מיין קאפ אלט! — און פילייכט וועל איך מיין וועג געפינען און פון מיין אומעט וועט א ריין לעבן ארויסשפראצן? ווער ווייסט? ווער ווייסט?

# שטויב

עמיצער האָט ליכט באַרירט זיין שולטער. ער האָט פּאַמעלאַך געעפנט די אויגן, געקוקט אַרום זיך און פון דער האַלב־גרויקייט האָט ער זי דערזען.

„וואָס ווילסטו, ליוסי?"

„אַך, דו זינדיגער דו! שלאָפן גאָר אין גאַנצן הויז! קום, און מיר וועלן אַלע בעטן גאָט פאַר דיין זינדיגער נשמה".

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, באַטראַכט אירע ווייסע הענט און די צאַרטע הויט פון איר געזיכט.

„צום טייוול, וואָס פאַר אַ קערפּער! שיין ביזטו, ליוסי!"

אירע ברעמען האָבן אָנגעפאַנגען ציטערן:

„אַך, ווי זינדיג דו ביזט! גאָט זאָל דיך פאַרגעבן און ראַטעווען דיין נשמה".

„צו שפּעט, ליוסי".

אַן אומעט האָט אַ שוועב געטאָן איבער איר געזיכט און זיך באַהאַלטן אין די שטייפע ווינקלען פון איר מויל. זי איז אַוועק. ער האָט איר נאָכגעקוקט:

„אַך, טייוול! נשמות וויל זי ראַטעווען!..."

ער האָט געשמייכלט. ער האָט אַ פיר געטאָן די האַנט צו די האָר און האָט שטיל אַ זאָג געטאָן צום האַלב־אָפּגעריסענעם טרעמפּ:

„ווי געפעלט דיר ליוסי?"

יענער האָט אַ וואונק געטאָן מיטן אויג, געמאַכט אַ קאָמישע גרימאַסע און זיי האָבן זיך ביידע צולאַכט.

די פאַרשיידענע צערעמאָניעס זיינען געווען פאַריבער. יעצט זיינען אַלע געשטאַנען אין שורה און געוואַרט פאַר דער שוואַרצער

קאַפּע מיט ברויט. זי איז געשטאַנען אַן אַ זייט, צוגעקוקט, אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדענונג.

אין חדר איז געווען ליכטיג און ער האָט פון זיין ווינקל איר רויאיג געקענט באַטראַכטן. אַ שלאַנקער קערפּער, די ברוסט עט־וואָס צו פול. דאָס געזיכט אַ מילדע מיט שאָטנס פון אומעט, וועלכע האָבן אַרויסגעשיינט פון די אויגן.

ער איז געשטאַנען פאַרטראַכט. פּלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז עמיצער וויל זיך אַריינקוועטשן פאַר אים, צו זיין פּאַרויס. זיינע הענט האָבן זיך אַ צי געטאָן. עמיצנס קערפּער האָט זיך גע־צאַפּלט אין זיינע הענט. יענער האָט הויך אַ געשריי געטאָן. אַלע אין חדר האָבן זיך אומגעקוקט: ער וועט אים דער׳הרג׳ענען!...

זי איז שנעל צוגעלאָפן, אָנגעכאַפּט זיין האַנט: דו ברוט! אַן אַלטן מאַן ווילסטו שלאָגן?...

דערווייל האָט זיך יענער באַפרייט, אַנטלאָפן אין אַ ווינקל און געציטערט מיט זיין אויסגעדאַרטן קערפּער.

„אָך ליוסי, לאָז מיך צורו... וואָרום איז ער געקראָכן, דער הונט?... דער טייוול זאָל נעמען זיין נשמה!“

„עס איז אָבער אַן אַלטער מאַן“, האָט זי שוין אַ באַרואיגטע גערעדט — „און דו ביזט אַזאַ הויכער, געזונטער!“ האָט זי אַרונ־טערגעלאָזן די אויגן און שטיל געזאָגט: „מען דאַרף זיך דער־באַרימען אויף שוואַכערע...“

„נו, זייט ניט בייז, לוסי. זאָל ער פאַרנעמען מיין אָרט. כאַפּט דער טייוול די ברויט און קאַפּע. איך וועל בעסער גיין וואַשן טעפּ אין רעסטאָראַן און איך וועל שוין קריגן וואָס אָפּצועסן“.

ער האָט אָנגעפאַנגען אַוועקצוגיין.

„נו, דאָס האָב איך דאָך ניט געמיינט“, האָט זי גערעדט שטיל. און דאָ איז צוגעגאַנגען דער אַלטער, אַרויפגעלעגט די האַנט אויף זיין שולטער און האָט שטיל אַ פרעג געטאָן:

„ווי רופט מען דיך, ברודער?“

ער האָט נאָכגעטראַכט און זיך ניט געאײַלט צו ענטפערן.

„אַך, וואָס וויל דער אַלטער פוקס?..."

יענער האָט אים אָבער געפרעגט נאָך אַ מאָל.

„מײַן נאָמען איז סאָלאָמאָן!"

„דו ביזט אַ איד?..." האָט דער אַלטער געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן.

„יאָ, מײַן טאַטע איז געווען אַ איד!"

דער אַלטער האָט זיך צעשמייכלט. אים איז געפעלן געווען דער ענטפער.

„קום מיט מיר אין יענעם חדר. מיר וועלן זיך דורכריידן. און דו, ליוסי, ברענג אַרײַן פאַרן ברודער עפּעס צו עסן!"

זי איז אַוועק און סאָלאָמאָן און דער אַלטער זײַנען אַרײַן אין צווייטן חדר.

סאָלאָמאָן האָט אָפּגעגעסן און זיך רואיק אָנגעשפּאַרט אָן דעם ווענטל פון שטול. דער אַלטער איז געזעסן לעבן אים און אויף אים געקוקט מיט זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן. זי איז געזעסן בײַם טיש און האָט זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט געלייענט די צייטונג, וואָס איז געלעגן פאַר איר.

„ווי איך זע, קומסטו פון ערגעץ ווייט". דער אַלטער האָט זיך פאַרהוסט און האָט זיך אָנגעכאַפּט בײַם האַרצן.

„יאָ, פון ווייט", האָט סאָלאָמאָן פאַרטראַכט געענטפערט.

„און וואָס דענקסטו יעצט צו טאָן, מײַן זון?"

סאָלאָמאָן האָט אָנגעקוקט דעם אַלטן, ווי ער וואָלט זיך גע־וואונדערט, וואָס ער וויל פון אים.

„דו ביזט דאָ אַ פרעמדער און יעצט איז ווינטער. וואו וועסטו זיך אַהינטאָן?..."

„איך וועל שוין עפּעס געפינען. ניטאָ וואָס צו זאָרגן!" ער האָט איצט גערעדט מיט זייער אַ שוואַכער שטימע. ער איז געווען מיד און שלעפעריג און אין חדר איז געווען וואַרים און שטיל.

„אויב דו ווילסט, מיין זון, קענסטו בלייבן ביי אונז. דזשים, וועלכער פלעגט אכטונג געבן אויף די צימערן, איז יעצט קראנק, קענסטו דערווייל פארבלייבן דא און שפעטער וועלן מיר זען...

סאלאמאן האט אים פארדעכטיגט אנגעקוקט:

„איך בין דא א פרעמדער, און איר קענט מיך ניט".

„זיי רואיג. דא איז ניטא וואס צו נעמען. דו דארפסט ניט מער ווי האלטן ריין די צימערן, הייצן עס זאל זיין ווארים און פאר דעם וועסטו קריגן עסן און נאך א פאר דאלער. אויבן איז דא א צימער, וואו דו וועסט קענען שלאפן. נו, דו בלייבסט?..."

ליוסי האט ביי דער פראגע אויפגעהויבן די אויגן, געקוקט אויף אים.

„אך, צום טייוול!" נו, געוויס בלייבט ער.

דער אלטער האט געשמייכלט. ליוסי האט באהאלטן אירע אויגן הינטער דער צייטונג.

ווען זיי זיינען אוועק, איז סאלאמאן געבליבן זיצן אליין. דערנאך האט ער פארשלאסן די טיר, א פאר מאל ארומגעגאנגען אין די צימערן. אלטע פארשטויבטע מעבל, הייליגע בילדער און די לופט אזא פארשטיקטע.

ער האט געעפנט א פענסטער. א קאלטער שטראם לופט האט זיך אריינגעריסן, געהויבן די שטויב און אנגעפילט דעם חדר מיט פרישקייט. אך, צום טייוול מיט די ווענט און איינגקייט! אים האט זיך געבענקט נאך דער פרייהייט פון וואלד און פעלד.

ער איז געלעגן אין בעט שוין מיט האלב-פארמאכטע אויגן. ער האט זיך עפעס דערמאנט. אירע פולע ברוסטן האבן זיך גע־שפארט דורך דער פינסטערניש. — אך, דו ביזט שיין, ליוסי!...

עס האט נאך ניט געגרויט דער פרימארגן, כאטש די פינסטער־ניש האט שוין אנגעהויבן ווערן שיטערער, ווען סאלאמאן האט געעפנט די אויגן און איז געלעגן א לאנגע צייט און געקוקט, ווי די פינסטערניש צורינט. מאדנע געדאנקען האבן דורכגעשוועבט

אין זיין קאפ. אט וועט ער אויפשטיין, נעמען זיין פעקל און וועט גיין ווייט אוועק פון שטאט מיט די פארדרייטע וועגן, ביז ער וועט קומען צו דעם לאנד פון אייביגן זונענשיין.

ער איז ניט געגאנגען. מיט די ערשטע זונענשטראלן פון פרי־מארגן איז ער אויפגעשטאנען. אין די צימערן איז געווען קאלט און דעמפיג. ער האט געמאכט דעם אויוון, געשטאנען און געהיט, אז דאס פייער זאל ברענען. עס איז געווארן ווארים, האט ער גע־עפענט א פענסטער, אז די פרימארגן־לופט זאל אפפרישן דעם חדר.

שפעטער האט ער גענומען רייניגן די צימערן. אומעטום איז דער שטויב געווען דיק, ווי ער וואלט אזוי געלעגן פאר יארן. ער האט זיך געפילט דער שימל און די אפגעלאזנקייט, וועלכע האט פארהאקט דעם אטעם. יעצט איז ער געשטאנען ביי א הייליג בילד און געווישט דעם שטויב. מאדנע, אים האט זיך געדאכט, אז דער גאט פון בילד שמייכלט צו אים, שמייכלט מיט זיינע טראגישע, טיף־אומעטיגע אויגן. שטויב! שטויב! און זייערע נשמות מוזן אויך פול זיין מיט דעם שטויב און שימל פון יאר־הונדערטער.

זיי ווילן אים לערנען ווי צו קענען גאט. הא, הא!... ער, וואס האט געזען גאטס וואונדער שרייענדיג פון הימל; ער, וואס זיינע פוס־טריט זיינען פארזייט אויף אלע וועגן פון ווינט. אמאל איז ער געווען אין „גרענד קעניאן". די זון האט געהאלטן ביים פארגיין און האט געווארפן א נעץ פון רויטע שטראלן איבער דעם גאנצן שטיינערנעם פעלד, וועלכעס די נאטור האט באשאפן. לאנגע שאטנס האבן זיך געצויגן פון די בערג צו די אפגרונטן פון די טאלן, שפיצן פון טורמס האבן זיך געבאדן אין רויטן פייער. דער־נאך איז געווארן פינסטער און ער איז אליין געשטאנען אויפן בארג און ארונטערגעקוקט צום טיפן טאל, וועלכער איז איצט געווען א שווארצע פארגליווערטע פינסטערניש. א גרויסער עלנט איז אים באפאלן; איינזאמקייט, געמישט מיט מורא פאר עפעס אומ־

באוואוסטעס, האָט געריסן זיין הארץ. גאָט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אין יענער נאַכט אין זיין גאַנצער מעכטיקייט. הא, הא! זיי ווילן אים דערציילן דעם וועג צו גאָט!

אזוי איז ער געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט האָט ער זיך אָפּגעראַזירט, זיך ארומגעוואַשן און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דעם אָפענעם פענסטער און געקוקט אין דרויסן.

ווען זי איז אַריינגעקומען, איז זי געבליבן שטיין ביי דער טיר, זיך ארומגעקוקט, געזען, ווי ער זיצט ביים פענסטער און קוקט שווייגנדיג אויף איר.

„ווי ריין איר האָט אַלץ געמאַכט, מיסטער סאַלאָמאָן!..“

ער האָט שפּאָטיש אַ לאַך געטאָן:

„יאָ, איך האָב אָפּגעשטויבט אייערע געטער. איך האָב פיינט שטויב!...“

„אַך!“ האָט זי ארויסגעקרעכצט. „ווי איר לעסטערט גאָט! אייער נשמה וועט אויף אייביג פאַרלאָרן גיין!“

זי האָט גערעדט מיט אַ שטילער, ציטערדיגער שטים.

„אַך, ליוסי! וועמעס נשמה וועט גיין פאַרלאָרן? דו זעסט: איך האָב גערייניגט. זאָג, פאַר וועמען?... אָט וועלן באַלד אַהער קומען די הונגעריגע פון די גאַסן און איר וועט פאַר דעם שטיקל שוואַרצן ברויט זיי פּרײדיגן מאָראַל, ריידן וועגן גאָט, ווי באַרעמהאַרציג ער איז צו די באַשעפענישן פון דער ערד... זאָג, ליוסי, וואָס ווייסטו וועגן גאָט?“

זי איז שנעל אַוועק אין צווייטן חדר. ער האָט איר נאָכגעקוקט. אַך, ווי אומעטיג דאָ איז! באַלד וועט דער ווינטער אַוועק און דאַן וועט ער ווידער ווייט אַוועק פון דעם שטויב און דעם אַלעמען.

ער האָט געהערט פון צווייטן חדר אירע טריט. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען איר ווייס־ראָזעווע לייב און אירע פולע ברוסטן. אַך, אַ גוטע ווייב וואָלסטו געווען, ליוסי — אַ לייב

צו מיין לייב. ערגעץ אונטער דעם פרייען הימל, ביים ראַנד פון אַ וואַלד, דאָרטן, וואו גאָט אָטעמט אַרוים ליכט און שמייכלט פון יעדן בוימל אַראָפּ.

„מר. סאַלאָמאָן!"

ער איז אַריין אין צווייטן חדר. דאָרטן האָט זי צוגעגרייט די ברויט און קאַווע פאַר די הונגעריגע.

„איר ווילט עפּעס עסן? עסט מיט מיר צוזאַמען".

„אַך, ליוסי, איך וויל ניט אָוועקרויבן דיין אָרימען מאָלצייט. כאָטש גערן וואָלט איך געגעסן, וואָס דיינע ווייסע הענט האָבן באַרירט.

זי האָט זיך פאַרשעמט געשמייכלט: „וואָס פאַר אַ מאָדנער מענטש איר זייט. עס וועט זיין גענוג פאַרביידן.

ביידע זיינען זיי געזעסן ביים טיש, געגעסן פאַמעלאַך, געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן און פאַרביסן געשוויגן. ער איז גע־בליבן זיצן פּלוצלונג, אָנגעשפּאַרט זיין האַנט אויף דעם טיש.

„איך קען איצט ניט עסן, ליוסי. דו ווייסט, אַז איך הויב דיך אָן ליב האָבן. אָט ווילט זיך מיר דיר נעמען אין מיינע אָרימס און קושן דיינע ליפּן. זיי זיינען פריש, ליוסי, ווי די מאָרגנטוי. אָט זאָג, אויב גאָט האָט דיך באַשאַפן צוליב דעם, כדי צו ראַטעווען מענטשלאַכע נשמות, אָדער זעטיגן מיט דיין קערפּער דאָס לייב פון אַ מאַן? איז דיין בויך ניט באַשאַפן גע־וואָרן צו טראָגן און האָבן קינדער, וועלכע ברענגען פרייד אין דער וועלט און צוליב וועמען די זון שיינט? זיינען דיינע ליפּן ניט באַשאַפן אַז מען זאָל זיי קושן?... און דורך דעם שיקן אַ דאַנק גאָט, וואָס האָט אַלעם באַשאַפן?..."

אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן די הענט. די מוסקולן פון געזיכט האָבן געציטערט און די טרערן האָבן זיך געשפּאַרט פון די אויגן.

„וויין ניט, ליוסי! אַך, טייוול, וואָס פאַר אַ קינד דו ביזט".

ער האָט איר געוואָלט באַרירן מיט זיינע הענט.

„דו זאָלסט ניט וואגן!"

זי האָט אויפגעהערט וויינען, זיך פלינק אויפגעשטעלט. די אויגן האָבן געגליט מיט האַלב־פאַרשטיקטע פייערלאַך:

„דו ביזט אַ גאַסן־יונג! גיי!..."

אים האָט זיך געוואָלט לאַכן, נאָר אַ שווערער שווייגן האָט אים אַרומגעכאַפּט.

איז ער געזעסן אין צווייטן חדר ביים פענסטער און אומעטיג געפייפט און געטראַכט פון ווינט, וועלכער רוישט איצט אין נאַ־קעטן פעלד. און דער אומעט האָט געוויינט אין זיין האַרצן, ווי די בוימער אין הערבסט.

עס זיינען אוועק טעג און וואָכן, נעכט פון משוגע'נעם פיין. נאַכט נאָך נאַכט די זעלבע געדאַנקען. מיט אָפענע אָדער פאַר־מאַכטע אויגן האָט ער געזען די זעלבע בילדער: נאָר איר לייב, די פולע ברוסטן, די ליפּן, וועלכע האָבן זיך איינגעגעסן אין זיינע, די ווייסע צאַרטע הענט מיט די לאַנגע פינגער, וועלכע האָבן זיך געקלאַמערט אַרום זיין האַלז. אין די רואיגע מינוטן פלעגט ער ליגן און טראַכטן אַזעלכע ווייטיגדיגע געדאַנקען, ריידן צו זיך אַליין:

„אַך, סאַלאַמאַן. איז דאָס די ענד פון אַלע דיינע צילן? איז דיין וועג שוין באַשטימט?... דער ווינט האָט נאָך ניט פאַרווישט דיינע טריט, וועלכע דו האָסט איבערגעלאָזן אויף אַלע וועגן. דיין שאָטן איז נאָך ניט פאַרשוואונדן פון די פּלעצער, וואו דיין מידער קאָפּ האָט גערוט. וואו זיינען דיינע טרוימען, וועלכע דו האָסט געשפּונען, ליגנדיג ביים ראַנד פון וואַלד אונטער די טראָפּישע הימלען?"

און אַזוי דורך די נעכט אַלע מאָל נייע געדאַנקען: „אַך סאַ־לאַמאַן, צו וואָס האָסטו זיך אויסגעשיילט פון דעם שטויב פון ביכער, פאַרוואָרפן אַלע געטער, וואָס מענטשן האָבן באַשאַפן און פאַר זיך אַליין געשאַפן אַ גאָט — דער גאָט פון אייביגן זומער.

פון פרייע פלעצער און שטילע איינזאַמע ערטער, וואו דו און גאָט האָבן געקענט זיך באַהעפטן, זיך געקושט מיט דער שטילקייט, אַרויסגעשפּיגן לידער פון דער איינזאַמקייט. וואָס איז געוואָרן פון דיר?... איז דאָס דער וועג פון פלייש, וואָס האַלט דיר גע־פאַנגען? איז דער מענטש טאַקע ווירקלאַך אַזוי אומבאַהאָלפן? איז די גאַנצע קלוגשאַפט פון מענטשן מער ניט, ווי אַ שפּיל פאַר די געטער?... פלייש צו פלייש! פון די פינסטערע ווינקלען שרייען די ווערטער: זע, מענטש, דיין גרויסקייט! דו ווערסט פאַרפייניגט צוליב דעם פלייש פון אַ ווייב! דיין בלוט איז שטאַרקער, ווי דער פאַרלאַנג פון דיין נשמה!"

און נאָך אַ מאָנאַט איז אַוועק. טעג פון גרויסן שווייגן; טעג, ווען די הימלען האָבן געוויינט פון מענטשנס אומבאַהאָלפנקייט. זיי האָבן ביידע ניט גערעדט, און אַז זייערע אויגן פלעגן זיך באַ־געגענען, פלעגן פייערלאַך צאַנקען פון ביידנס אויגן, וועלכע שרייען פון באַגער. און די געדאַנקען צינדן זיך מיט בילדער פון טונקעלע ווינקלען באַהאַלטן פון מענטשלאַכן אויג, וואו דער קערפּער זינגט דאָס ליד פון אייביגן ניט־באַפרידיגטן באַגער.

איין אָוונט זיינען זיי געווען אַליין. אין דרויסן האָט גע־שטורמט. ביידע זיינען געזעסן שווייגנדיג פאַר אַ לאַנגער צייט. דערנאָך האָט זי פאַמעלאַך אָנגעטאָן דעם מאַנטל, זיך פאַרטיג געמאַכט אויף צו גיין. און ער, מיט זיין שטענדיגן טעמפּן שווייגן, מיט זיין אויסערגעוויינלאַכער רואיקייט, האָט ניט געקענט קיין פלאַץ געפינען.

„דו וועסט דאָך ניט גיין אין אַזאַ שטורם!..."

„זאָרג זיך ניט פאַר מיר!" האָט זי פאַרביסן געענטפערט.

„וואָרום ביזטו אַזוי שלעכט?" ער האָט קוים גערעדט. אַזוי פיל האָבן זיך אָנגעקליבן די ניט־באַפרידיגטע געפילן, אַז עס האָט אים געשטיקט. און איינמאָל פרייגעלאָזן די שטראָמען, וועלכע האָבן זיך געריסן פון אים, איז שוין געווען אומעגלאַך זיי צו פאַר־

האַלטן. און זי איז געבליבן זיצן אַנגעטאָנערהייט און האָט האַלב פאַרמאַכט די אויגן.

און ער האָט איר אַרומגעוועבט מיט אַ נעץ פון פייער, וועלכער האָט געמאַכט איר קערפּער צוקן פון פיבער. און אַט האָט ער מיט זיינע ציינער זיך אַריינגעביסן אין איר האַלז און זי האָט אים אַרומגענומען מיט אירע ווייסע אָרימס.

שטאַרקער האָט געשטורמט אין דרויסן. אויבן אין חדר איז געווען שטיל. ביידע זיינען זיי יעצט געלעגן אין בעט, די אָרימס אַרומגעפלאָכטן איינער אַרום דעם אַנדערן, לייב צו לייב. נאָר איצט איז שוין דער פייער געווען אַן אויסגעגליטער. און מיר זיינען זיי ביידע געווען, ווי דער ווינט נאָכן שטורם, ווער ער לייגט זיך רוען אויף אַ פעלד. דאָס איז דער וועג פון דעם פלייש, ווען גאָט שפּאַסט פון זיין אייגענער באַשאַפונג.

עס זיינען אַוועק וואָכן, עס האָבן זיך געצויגן טעג פון בענ־קעניש און נעכט פון צוגליטן פייער. האָבן די געטער פון די וועגנט געהערט דעם אייביגן געזאַנג פון הייסן בלוט, און ער, סאַ־לאָמאָן, האָט שוין געטרוימט וועגן אַנדערע זאַכן. יעצט דאַרף ער ערגעץ קריגן אַ שטיקל לאַנד אין דער וועסט. ער וועט דאָס באַאַרבעטן און אַליין אויסבויען אַ הויז, וואו זיי וועלן ביידע וואוינען. און דאָס פעלד וועט אימער בליען!

און אַז די נאַכט פלעגט קומען, האָט ער פאַר איר אַלע זיינע טרוימען אויסגעזונגען. נאָר זי איז געזעסן אַ שווייגנדיגע, איר קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן זיין ברוסט און אָפט האָט ער באַמערקט ווי אַ טרער ציטערט אין איר אויג.

„זאָג, ליוסי, וואָרום באַהאַלטסטו פון מיר דיין פּיין?"

זי פלעגט שווייגן און אַרויסרופן אין זיין האַרצן אַ שווערן אומעט.

עס איז שוין געווען ניט ווייט פון פרילינג. אַ מילדע זון האָט זיך געגאָסן איבער דער ערד. דער שניי האָט אָנגעפאַנגען זיך

שמעלצן. אין אַזעלכע טעג פלעגט סאלאָמאָן זיין זייער אומרואיג. ער האָט געוואוסט, אַז באַלד וועט קומען דער רוף פון די פייגלען, דער ווינט וועט ברענגען די פרישקייט פון אַ דערוואַכנדיגן פרי־לינג, מיט די בלויע הימלען וועלן זיך באַנייען און רופן! רופן!

און זי איז געוואָרן אַזוי מאָדנע די לעצטע צייט, אַזוי שווייגנ־דיג. זי פלעגט איינשרומפּן פון דעם באַריר פון זיינע הענט. פיל מאָל, ווען ער האָט איר געהאַלטן אין זיינע אָרימס, האָט ער געזען די שטומע שרעק, וואָס לויערט אין אירע אויגן און די טרערן אירע זיינען געוואָרן אַזאַ אָפּטע דערשיינונג, אַז ער שרעקט זיך אַזוי!...

און איינמאָל איז עס געקומען. ביי טאָג זיינען זיי געזעסן ביידע צוזאַמען שווייגנדיגע. עס איז געוואָרן אַזוי אומהיימלאַך, אַז דאָס לייב איז ביי אים קאַלט געוואָרן. ניין, ער קען שוין מער ניט! דאָס אומבאַוואוסטע, דער אייביגער גריבלען זיך האָט שוין באַשאַפן אין זיין קאָפּ אַ צומישעניש. ער מוז האָבן זיכערקייט, פעסטע ערד אונטער זיינע פיס.

ער נעמט איר האַנט, קוקט אויף איר צושראָקן געזיכט. עס ווייטיגט זיין האַרץ:

„אַך, ליוסי! דו מוזט מיר איצט זאָגן! איך קען מער ניט!...“

זי קוקט אים אָן שטום. עס ציטערן די מוסקולן פון איר געזיכט. זי רעדט ווי פון שלאָף:

„מיר מוזן זיך שיידן! איך קען מער ניט!“

אַ מינוט בלייבט ער שטיין, ווי פאַרגאַפט. ווידער אירע טרערן.

„איך האָב מורא!“ ענטפערט זי דורך טרערן. „היינט ביינאַכט איז ער ווידער געקומען צו מיר“.

„ווער?“ פרעגט ער דערשראָקן און זיינע הענט ציען זיך צוזאַמען. זי ווייזט שטום אויפן וואַנט. דאָרטן הענגט איר פאַר־בלוטיגטער גאָט מיט אַ גאַנצער וועלט פון פיין אין זיינע אויגן.

ער לאַכט האַלב־היסטעריש: „צוליב דעם?...“ ער וויל עפּעס ריידן, ריידן גאַליג און ביטער. זי האַלט צו זיין מויל. „מען דאַרף ניט!“ „ער האָט געליטן פאַר אונז אַלעמען!“

יאָ, זי האָט מורא פאַר איר גאָט. נאַכט נאָך נאַכט קומט ער צו איר און רעדט צו איר. אָך, איר נשמה זאָל כאָטש אויף אייביג איצט ניט פאַרשטויסן ווערן. אַזוי פיל געזינדיגט מיט אַן אומגלויביגן! „גאָט, ראַטעווע מיין נשמה!“ מורמלען אירע ליפּן.

ער פילט ווי צו קניען מיט איר צוזאַמען, בעטען דעם פאַר־בלוטיגטן גאָט ער זאָל אים העלפן. זיינע ליפּן ווילן שרייען: „איך בין דאָך ניט מער ווי אַ מענטש! עמיצער האָט דאָך מיר געגעבן דאָס לעבן, עמיצער הערשט דאָך איבער אונז. וואו איז ער?“ נאָר זיינע ליפּן שווייגן. ער שטייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, קוקט אויף איר, זעט איר פאַרווייַנטן געזיכט און ער שווייגט. צופיל ווייטיג איז דאָ אין האַרצן.

זי איז געוואָרן פאַרפרעמדט פון אים. איידל־בלאַס איז געוואָרן איר געזיכט. טיף בלוי אַרום די אויגן, די ליפּן שטייפער צוזאַמענ־געפּרעסט ווי זי וואָלט זיי אויף אייביג פאַרשלאָסן.

און אין דרויסן איז געוואָרן וואַרים. די וועגן, וועלכע שניידן זיך דורך וואַלד און פעלד, האָבן גערופן. איינגעפּאַקט דאָס ביסל זאַכן, גרייט צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון שטויב. מאָרגן פרי, ווען דער פרימאָרגן וועט אָנהויבן גרויען, וועט ער אָנפאַנגען זיין וואַנ־דערונג.

שטיל איז אַוועק דער טאָג. דער פאַרנאַכט איז געווען אַ בלוטיגער. פון הימל האָט זיך געגאָסן בלוט אויף דער ערד און עס איז געוואָרן טונקל. זיינען די וואָלקנס געפלויגן ווי סטאַדעס פויגלען, ערגעץ ווייט! ווייט!

און זי איז געקומען, געזען, אַז ער איז גרייט צום וועג; האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, באַהאַלטן דאָס געזיכט און שטיל געוויינט. איז ער דערנאָך געזעסן ביי איר זייט, געהאַלטן איר

האַנט און מער ניט. ביידע האָבן געשוויגן. האָט גאָט אַמאָל גע־הערט אַ פֿײַנלאַכערן שווייגן ווי יענע נאַכט? און אַזוי דורך דער נאַכט.

פֿאַרטאָג, ווען דער הימל האָט זיך גענומען אַרומוועבן מיט ליכט, איז ער געשטאַנען פֿאַרטיג אין וועג. נאָר איין קוש האָט זי אָפּגעפּרעסט אויף זײַנע ליפּן. דערנאָך אויף די קני פֿאַר גאָט, האָט אַ צעווייטיגטע נשמה געוויינט.

שטיל איז ער אַרויס פֿון חדר, געגאַנגען איבער די שטילע גאַסן, ביז ער האָט דערגרייכט די ענדע פֿון דער שטאָט. עס איז שוין געווען גוט ליכטיג. דער וועג האָט זיך געצויגן דורך אַ שיטערן וועלדל. עס איז געווען שטיל. דער פֿרימאָרגן האָט אָנגעפּילט די לופֿט מיט אַ מילדקייט. שטיל האָט געצויגן דאָס האַרץ. די פֿיס זײַנען מיד געוואָרן.

און אָט זיצט ער מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און דער ווייטיג רײַסט זיך פֿון האַרץ. איצט איז ער אַליין, אַליין! ער פֿאַלט צו דער ערד, באַגראָבט דאָס געזיכט אין זײַנע הענט, ליגט פֿאַר אַ ווײַלע שטיל. ער קען מער ניט! ער קען מער ניט!

און דער וואַלד האָט געהערט, ווי סאָלאָמאָן האָט געוויינט.

# האַרטע ערד

די פאַמיליע גרינבערג איז באַשטאַנען פון דרייען: ער, זי און זייער זון — אַ אינגל פון אַ יאָר צען.

ער איז געווען אַן אַפּערייטאָר ביי העמדלאַך. אַ הויכער, איינגעדאַרטער; די אויגן טיף אין קאָפּ, די האָר שיטערע, די אויערן גרויסע און די אונטערשטע ליפּ האָט ביי אים שטענדיג נערוועז געצוקט.

זי, פּערל, איז געווען אַ נידעריגע, אַ דאַרינקע, מיט אַ פאַרגעלט פּנים, רויטלאַכע האָר און דינע ליפּן; אַן אומרואיגע, אַ צעשראָקענע מיט אַ בעלמע אויפן רעכטן אויג און גערעדט האָט זי זעלטן. עס איז געווען אַ מורא אין איר שווייגן.

דער זון, בעני, איז געבאָרן געוואָרן ניט נאָרמאַל. איין טייל קערפּער איז געווען פּאַראַליזירט און אַז ער איז עלטער געוואָרן, איז געוואָרן אַ ביסל בעסער, אָבער דער אונטערשטער טייל איז ניט געוואַקסן, די פיס קליינינקע ווי ביי אַ פּיצל קינד, דער בויך גרויס, קיילעכדיג, די קאָפּ, שווער, האָט ניט געוואָלט זיצן אויף די אַקסלען, די האָר צונטער רויט און אויגן גרויסע, בלוי־ליכטיגע. דאָס איז געווען די גאַנצע פאַמיליע גרינבערג.

גרינבערג איז געווען אַ העמדל־שטעפּער. שוין פופצן יאָר ווי ער אַרבעט אין דעם זעלבן שאָפּ. אַ סך וואַסערן זיינען אַריבערגעלאָפן אין די יאָרן, די פאַבריק איז אויסגעוואַקסן. שוין עטלאַכע מאָל זיך פאַרגרעסערט. ווינציג אַרבעטער פון די אַלטע זיינען פאַרבליבן. אַ סך געדענקט ער, אַ סך פאַרגעסן. מען איז דאָך פאַרנומען אַזוי מיט טאָג־טעגלאַכע זאָרגן, מיט האַרצווייטיג און אומעט זיינען אַוועק די יאָרן.

גרינבערג גייט פּאַמעלאַך פון דער אַרבעט, שאַרט קוים מיט די פיס. ניטאָ דער אימפּעט פון זיין יוגנט. ביי דער מאַשין איז ווי דאָס איז. די מאַשין טרייבט, יאָגט, פאַרגעסט מען זיך, ווי זיי וואָלטן באַזעסן אַ באַזונדער לעבן. נאָך דער אַרבעט פילט ער זיך ווי איבערגעבראָכן, ווען אימיצער וואָלט אים שטאַרק אַנגערירט, וואָלט ער אומגעפאַלן פון מידקייט. אַלעס איז פאַרטריקנט אין אים, ווי אַ בוים אַ פאַרדאַרטער אויף וועמען בלעטער האָבן שוין לאַנג ניט געגרינט און די האַרץ דאָרט ווערט איינגעטריקנט ביז עס צופאַלט, ברעכט זיך איבער.

גרינבערג שאַרט זיך איבער בראָדוויי. ער וויל ניט נעמען די קאַר. ער וויל איינאָטעמען די קאַלטע נאַכט-לופט, אָפרישן די לונגען. אַ גאַנצן טאָג געאָטעמט שטויב, וויל ער איצט פילן די קעלט דורך זיין לייב, זען דעם הימל איבערן קאָפּ. עס איז שוין נאָך אַכט. די גאַס איז פאַרשטומט, פינסטער שטייען די הויכע געביידן, וועלכע האָבן מיט אַ פּאָר שטונדן צוריק פולסירט מיט אימפּעט און לעבן. שאָטנס פאַרציען די גאַס. דאָ און דאָרט שיינט אַ לעמפּל, טונקט זיך אין דער גרויסער פוסטקייט און ווערט פאַרלאָרן.

ער קומט אַהיים, גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. די ווייב ענטפערט אפילו ניט. זי שמייכלט קיינמאָל ניט! אים פאַרדריסט, כ׳אָלט זי אַמאָל אַ שמייכל טאָן. נאָר זי שווייגט, פאָרעט זיך אין קיך, גרייט צו עסן. עס דאַכט זיך אים, אַז צוויי שאָטנס האָבן זיך פאַרפלאָכטן, דרייען זיך אַרום אין הויז און זוכן גאָט ווייסט וואָס...

בעני ליגט שוין אין בעט. די ביסל אָנשטרענגונג וואָס ער מאַכט מיט זיין צוקאַליעטשעטן קערפּער, מאַטערט אים אויס. מיט שווערע מי גייט ער אין שול, קומט צוריק, זיצט ער ביי דעם פענסטער און קוקט אין דרויסן. זיינע גרויסע אויגן וואַנדערן ערגעץ אין דער ווייטקייט, ערגעץ אין פרעמדן לאַנד. ער טראַכט, ווי וואונדערבאַר עס מוז זיין דאָרטן אויבן, וואו דער הימל איז. ער חלומ׳ט וועגן די וואָלקנס, וועלכע זיינען אַזוי נאָענט צו אים, אַז ער

דאַרף מער ניט, ווי אויסציען זיינע הענטלאַך און דערגרייכן זיי. דורך דעם פענסטער זעט ער ווי דער הימל זינקט נידעריגער אַרונ־טער און ערגעץ ווייט קושן זיך זיינע ברעגן מיט דער ערד. אַך, ווי ער וואָלט געוואָלט זיין אין יענעם ווייטן לאַנד! ערד־הימל! דאָרט מוז זיין אַזוי וואונדערלאַך! ער פאַרמאַכט די אויגן און חלומ׳ט.

דערפילט ער אַז דער טאַטע קומט, ליגט ער און וואַרט. גרינ־בערג גייט צו, זעצט זיך אויף זיין בעטל, פלעכט דאָס קינד זיינע הענטעלאַך אַרום זיין האַלז און זאָגט: „טאַטעשי, וואָרום ביזטו געקומען אַזוי שפעט?“

גלעט אים גרינבערג איבער זיינע האָר, קושט אים די אויגעלאַך און דאָס האַרץ טוט אים אַזוי ווי אויף זיין אָרים קינד. עפּעס וואָלט ער געוואָלט טאָן פאַר אים. אַט ווען ער קען אָפּהאַקן זיינע פיס און אים זיי אָפּגעבן! עס ווײנט דאָס האַרץ אין אים, גלעט ער די האָר פון קינד און שווייגט, און שווייגט.

ער עסט, עס שטיקט אים אין האַלז. יעדער ביסן קומט אים אָן שווער. ער איז מיד, מיד און אומעטיג איז אים אין דער שטו־מער הויז. ער לאָזט איבער דאָס עסן אויפן טיש. די ווייב זאָגט גאָר ניט. ער גייט אין קינד׳ס חדר. דאָס קינד קוקט דורכן פינ־סטער, הערט אים קומען:

„זיץ מיט מיר, פּאַפּאַ, אַביסל!“

„איך בין מיד, זון, זייער מיד!“

„טאָ שלאָף מיט מיר היינט. יאָ, פּאַפּאַ?“

ער טוט זיך אויס, לייגט זיך מיטן קינד אין בעט. דאָס קינד נעמט אים אַרום מיט זיינע וואַרימע הענטלאַך, דריקט זיך צו אים. גרינבערג וואָלט געוואָלט זיין אַליין איצט, און שטיל זיך אויס־וויינען. נאָר איצט שמייכלט ער דורך טרערן.

ער רעדט צום קינד:

„אז עס וועט אויספאלן א שניי, וועל איך נעמען דאס שליטל, דיך אריינזעצן און איך וועל דיך שלעפן אפשר א שטונדע צייט. דו וועסט זען וואס עס וועט זיין".

דאס קינד שמייכלט. זיינע קלוגע אויגן פארמאכן זיך. זיי ליגן שטיל. איצט וועט אים דער פאפא דערציילן א מעשה, א וואונדערלאכע געשיכטע. אין חדר וועט זיין פינסטער און ער וועט זען פרעמדע ווייטע לענדער. „ערגעץ, ערגעץ אונטער א בארג", אדער „אמאל איז געווען"...

אזוי וועט ער הערן, ביז דער מאנטל פון שלאף וועט פארציען זיינע אויגן און ער וועט חלומ'ען ביז די זון וועט זיך אין גאלד צוגיסן און פריידיג אים באגריסן. בעני האט ליב חלומ'ען. אין חלום קען ער אלע מאל ארומלויפן אפילו פלינקער ווי אנדערע קינדער, אז ניט קריגט ער פליגלען און פליט ווי א פויגל אין די וואלקנס. א גאנצן טאג ווארט ער, אז די נאכט זאל קומען. ווען די זון פארגייט איבער דער ערד און דער הימל צובליט זיך מיט פייער, גייט אויף בענים טאג. און אז דער ערשטער שטערן באווייזט זיך אין הימל, הויבט זיך אן בענים לעבן. קיינער פארשטייט אזוי ניט דעם הימל, די שטערן און די לבנה, ווי ער! פאר אים זינגען זיי די שענסטע מעשה! ער קען שפאצירן אין זייערע פארבארגענע וועגן.

גרינבערג דערציילט:

„ווייט, ווייט, דעם וועג אהין ווייס איך ניט. דער ווינט דערגרייכט דארטן קוים. הינטער די בלויע מארגן־בערג, נאך דעם ווייטן מדבר, וואוינט דער פרינץ שיע קאן. שיע קאן איז דער קעניג פון דער לאנד פון מארגן. די לאנד פון מארגן איז די לאנד פון פרייד, איז די לאנד פון וואנען אלע גוטע קינדער קומען און פון וואנען די ווייסע שניי און די זון קומט, און שיע קאן איז דער קעניג פון פרייד אין דעם לאנד פון מארגן.

„שיע קאן האט ליב קינדער. זיי פארלאזן זיין לאנד ווייסינקע ווי שניי. אמאל, לאנג צוריק, איז אויף דער ערד אומעטיג געווען,

די זון האָט נאָר געשיינט איבער אַ גרויסן מדבר, די ערד איז געווען קאַלט ווי אין ווייטן נאָרד. דאָס האַרץ פון דער ערד האָט גע־ברענט מיט ווייטיג, איז געקומען די זון צו שיע קאַן, מיטגעבראַכט די לבנה און שטערן און צו אים אַזוי געזאָגט:

„קעניג פון דעם לאַנד פון מאָרגן! וועלכע איז די לאַנד פון פרייד? אומעטיג איז די ערד. ניטאָ קיין פרייד. די האַרץ האַלט אין איין ברענען. מיינע שטראַלן שפּיגלען זיך אפילו אין וואַסער ניט אָפּ. איינזאַם שטייט דער בוים אין פעלד און דאַרט. די גראָז איז געל און דער אומעט האָט ווי די נאַכט אויסגעשפּרייט די פליגלען איבער דער ערד. אַ גרויסער קעניג פון פרייד! גיב אַ שמייכל איבער דער ערד, פאַרטרייב דעם אומעט, און זאָל דער געלעכטער פון דיינע קינדער זיך קאַטשען איבער באַרג און טאָל.

„האָט דער קעניג שיע קאַן רחמנות געקראָגן אויף דער ערד. אַ גוטער איז ער געווען, האָט ער צוזאַמענגערופן די קינדער פון דעם לאַנד פון פרייד און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

„איר וועט פאַרלאָזן די לאַנד פון מאָרגן, כדי צו ברענגען פרייד אויף דער ערד, ווייל אומעטיג איז דאָרטן, די גראָז איז פאַרגעלט אין די בלומען ווילן ניט בליען“.

האָבן די קינדער זיך געבעטן:

„מיר ווילן ניט אַוועק פון דאַנען.“

„האָט שיע קאַן צו זיי געזאָגט: „גייט, איר וועט צוריק קומען! איך שווער ביי די בלומען!“ האָט ער זיי געקושט, און די זון האָט זיי גענומען אויף די פליגלען און פאַרשפּרייט זיי איבער דער ערד. און אַ פריידיגער געלעכטער האָט אָנגעהויבן קלינגען און בלומען האָבן אָנגעהויבן בליען, די גאַנצע ערד איז געוואָרן באַ־דעקט מיט גרינקייט און פרייד. דאָך בענקען אַלע נאָך דעם לאַנד פון מאָרגן, און ווען די זון פאַרגייט און שאָטנס פאַרשפּרייטן זיך אויף דער ערד, ווערט אַזוי אומעטיג און עס בענקט זיך, עס בענקט זיך“.

„נאָר איך בין זיכער, אַז מיר וועלן צוריק קומען צו דעם לאַנד פון מאָרגן, כאָטש די וועג איז ווייט הינטער די בלויע בערג, דאָך וועלן מיר קומען, ווייל אַזוי האָט געזאָגט שיע קאַן, דער קעניג, און עס וועט זיכער זיין אַזוי!“

עס ווערט שטיל און די שטילקייט ציטערט. בעני נאָרעט זיין קערפערל צו אים, פאַרמאַכט די אויגן און חלומ׳ט. גרינבערג ליגט מיט אָפענע אויגן און די מידקייט וויקלט אים איין. הינטער דער האַלב־אָפענער טיר שטייט פערל, די שוויינגנדיגע ווייב, וועלכע שמייכלט קיינמאָל ניט, און ווישט ניט אָפּ די טרערן, וועלכע רינען איבער אירע דאַרע באַקן.

ער גייט אַוועק פרי פון הויז. ער האָט ליב ארומגיין איבער בראָדוויי, איידער זי דערוואַכט. עס איז שטיל און גרינבערג קען טראַכטן. די לעצטע צייט פילט ער אַזוי מיד, קען קוים רירן מיט די הענט. ער האָט דאָס געפיל, ווי דער טויט וואָלט אין אים זיין היים געמאַכט און ביסלאַכווייז דערשטיקט ער יעדן פונק לעבן אין אים, און באַלד וועט די גרויסע נאַכט אָנקומען און ער וועט פון מידקייט פאַרמאַכן זיינע אויגן אויף אייביג. ער הויבט אויף די אויגן צום הימל, באַטראַכט יעדן וואָלקנדל באַזונדער, און ווישט די טרערן אָפּ מיט זיין ציטערדיק אויסגעדאַרט האַנט... „שווער צו לעבן און שווער צו שטאַרבן!“

אַ קאַלטע ליכט צוגיסט זיך איבערן שטאָט. אַ טויטע ליכט, און ער, גרינבערג, שפּאַצירט אין אַ טויטער שטאָט.

דער שאָפּ איז אַ וועלט פאַר זיך. די מאַשינען פאַרשלינגען די טעג, פאַרשרייען אַלעם מיט זייער טומל. ניטאָ דער מענטש אין שאָפּ. עס זיינען נאָר דאָ רעדלאַך, גרעסערע און קלענערע; עס זיינען נאָר דאָ טיילן, באַוועגונג, די נאָדל־שטאַנד ארויף און אראָפּ. די ציינער, וויטער־וויטער, דער רעדל דרייט די געדערים, די געדערים — יעדן טייל באַזונדער; די אָהער, די אַהין; די אראָפּ, די ארויף; ניטאָ קיין מענטשן! באַוועגונג! די רעכטע

האַנט האַלט אַזוי, די לינקע אַזוי; טרייב דורך דעם העמער — איינס־צוויי־דריי טאָג נאָך טאָג; יאָרן; ווינטער — זומער, דאָס־זעלבע. דער אומעט פון שאָפּ אויף אַלעמען און אַלעם.

אַ סך אַרבעטער אין שאָפּ זיינען נאָך קינדער און ביי זיי ברענט נאָך דער מענטשלאַכער פלאַם. עס פלאַקערט אויף! גרינ־בערג ווייסט אַבער, אַז דער פלאַם וועט דערשטיקט ווערן, די ליד וועט פאַרשטומט ווערן, דער גלאַנץ פון די אויגן וועט פאַרלאָשן ווערן; עס וועט מער ניט בלייבן אין זיי ווי די מאַשין־באַוועגונג. וועלן זיך די פינגער קנייטשן, דער רוקן וועט זיך בויגן, דער אומעט פאַרשפּרייטן, אין קאָפּ וועט זיך די שווערע כמאַרע קלייבן, דערטרינקען דעם מענטשן און איבערלאָזן נאָר די מאָנאָטאָנקייט פון לעבן טאָג נאָך טאָג. אַ טייל וועט באַפרייט ווערן, די איבעריגע וועלן זיך פאַרלירן אין זייער מידקייט און בלייבן וועט מאַשין.

די אַלטע אַרבעטער ווערן ווינציגער. אָפּגעניצטע געצייג! גרויע האָר — וואַקסן בלעטלאַך אויפן קבר. ביזטו צו מיד צו שפּייזן די מאַשינען — טאָ שטאַרב! גראָב דיין אייגן קבר, ניטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר דיר. דו ביזט געבאָרן געוואָרן פאַר דער מאַשין. דיין מוטער האָט געווייטיגט פאַר זיי — אַ קרבן צו די געטער. דער הימל — נאַרישקייט! עס איז רויך! די זון איז אַ בלענדעניש, זי פאַרגייט! די מאַשין נאָר לעבט אייביג! שווייגט קיין מאָל ניט! זי איז די הערשערן אויף לעבן און טויט! די איבעריגע אַרבעטער זיינען לאַנג שוין ניטאָ, שוין לאַנג פאַרשלונגען געוואָרן. אַמאָל איז געווען אַ מענטש. מער ניטאָ. איצט — באַוועגונג און גרויקייט!

גרינבערגן האָט נאָך דאָס לעבן אינגאַנצן ניט פאַרשלונגען. אַמאָל חלומ׳ט ער נאָך. דער קערפּער איז מיד, אָפּט פאַרגליווערט, אין קאָפּ גרויקייט, נאָר אַמאָל קומט אַ חלום, דין ווי שפּינוועב, רייסט דורך די גרויקייט, ווי אַ זונען־שטראַל רייסט דורך אַ געדיכטן וואַלד. אַ סך מאָל, ווען ער ליגט מיט בענין אין בעט,

דאָס קינד דריקט אים מיט זיינע הענטעלאַך, זיין בייכל שפּאַרט זיך צו אים, און ער דערציילט אים אַ מעשה, איז דאָס איינע פון גרינ־בערג׳ס חלומות. ער אַליין חלומ׳ט פון דער ווייטער פרעמדער ערד, פון דעם לאַנד פון פרידן. ער זעט די בלויע בערג, דעם ראַנד פון הימל און נאָך זאַכן זעט ער, וואָס ער קען דעם קינד עס ניט דערציילן. ער לעגט דעם קינדס קעפּל צוגעדריקט צו זיך, זיין אומגליקלאַך קינד! עס רייסט דאָס האַרץ! עס וויינען די שאָטנס, נאָר אָט פאַרלירט ער זיך און חלומ׳ט זיין חלום!

גרינבערג טראַכט פון זיין וויסטיגן לעבן. טראַכט וועגן זיין שטומער פאַרצאַרנטער ווייב מיט דעם טויטן פּנים, די שטענדיג פאַרוויינטע אויגן, אָט דער איינגעטריקנטער קערפּער מיט דער פלאַ־כער ברוסט. אָפט טראַכט ער, אַז זי איז ניט זיין ווייב, נאָר די גרויקייט פון זיין לעבן, זיין שאָטן, וועלכער מאַכט טונקל זיין הימל אפילו אין אַ זונעדיגן טאָג!

גרינבערג באַהאַלט זיינע חלומות אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן. קיינער טאָר ניט וויסן פון דעם. אַמאָל ליגט ער ביי־נאַכט און טראַכט וועגן איר, וואָס האָט געדאַרפט זיין זיין ווייב. ער דערמאָנט זיך די טעג, מיט יאָרן צוריק; ער דערמאָנט זיך אָן איר ראָזעווער לייב. אַמאָל איז זי זיין ווייב געוועזן. יענע איז שוין לאַנג ניטאָ! יענע איז געוועזן אַ שטיפערישע, אַ פריילאַכע! יענע האָט ווארים געמאַכט זיין היים, געבראַכט פרידן און רו אין זיינע שווערע מינוטן. יענע איז טויט! איצט דרייט זיך אַרום דער טויט אין זיין הויז. ווען ער קומט פון דער אַרבעט און זיין האַרץ בענקט נאָך אַ שמייכל, נאָך אַ ווארים וואָרט, באַגעגנט ער איר, און זיין האַרץ ווערט פאַרגליווערט און אַ קעלט פרירט זיין רוקן.

דער טויט שפּאַנט אַרום אין די ברודיגע צימערן. זי דערמאָנט אַזוי פיל אָן אַ פאַרדאַרט בלאַט אין הערבסט. זי איז שוין לאַנג טויט. נאָר איר שאָטן ציטערט נאָך אין הויז, מאַכט זיין לעבן אומדערטרעגלאַך.

א גאַנצע נאַכט שנייט. גרינבערג שלאָפט ניט. די פּוכקע ווייכקייט פאַרדעקט די גאַסן און די הייזער און די לבנה כשופ'ט אין דער שנייִ'ס קלאָרקייט. טראַכט ער וועגן זיינע קינדער־יאָרן, וועגן זיין היים און זיינע ליבסטע; דער דאָרף מיט די קליינע כאַטקעס און שטרויענע דעכער, דער ווייסער שניי, וועלכער האָט פאַרוואַנדעלט יעדע כאַטע אין אַ חלום. ער זעט דעם רויך וועלכער שוועבט אַרויס פון קוימען און הויבט זיך הויך צום הימל.

באַוועגלאָז ליגט גרינבערג. בענים וואַרימע הענטל דריקט זיין פאַרגליווערטן קערפּער. שפּעטער האָט די זון זיך געריסן דורך דעם פענסטער, גערופן צום לעבן; נאָר גרינבערג האָט שוין מער ניט דערוואַכט.

# זיין זיג

און קיינער האָט ניט געוואוסט, קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי עס איז געשען. האָבן די מענטשן געשמייכלט, געקוקט אויף זיי און האָבן זיך געוואונדערט. דער קאָנטראַסט צווישן אים און איר איז געווען אַזוי גרויס, אַז יעדער איינציגער האָט עס גע־מוזט באַמערקן.

ער איז געווען יונג — ניט איבער צוואַנציג. אַ הויך געוויק־סיגער, מיט גרויסע לעבעדיגע אויגן, וועלכע האָבן ניט גערוט. ער איז געווען ווי אַ ווילד צאַפּלדיג שטיק לעבן. מענטשן האָבן אים ניט ליב געהאַט פאַר זיין ווילדקייט. ער איז אָבער געווען צו קינדעריש מען זאָל אים נעמען ערנסט. פלעגט מען אים גוטמוטיג אַלץ פאַרשווייגן.

זי איז געווען שוין איבער דרייסיג, אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ געל געזיכט און מיט אויסגעלאָשענע אויגן. אירע ליפּן זיינען געווען ווייס, ווי אָן אַ טראָפּן בלוט. זעלטן פלעגט זיך אַ שמייכל באַווייזן אויף זיי. און אימער פלעגט זי זיצן שווייגנדיג.

און אַז זי האָט אים צום ערשטן מאָל דערזען, איז זי געוואָרן נאָך שווייגנדיגער; איר געזיכט האָט זיך מער אויסגעצויגן, די אויגן זיינען געוואָרן מוטנער און וואַסערדיגער. עס האָט אויס־געוויזן, אַז זי טראַכט עפּעס וועגן לאַנג־פאַרגעסענע צייטן.

איינמאָל איז ער געקומען אין הויז אַ שווייגנדיגער. זיין גע־זיכט איז געווען אויסערגעווייטלאַך בלאַס און די אויגן האָבן פי־בערדיג געברענט. ער האָט זיך באַקלאָגט, דאָס ער פילט ניט גע־זונט און אַז די קאָפּ טוט אים שטאַרק וויי. קיינער האָט אים ניט גענומען ערנסט. מען האָט געדענקט, אַז דאָס איז איינער פון

זיינע פילע קאפריזן. ער איז אבער באלד אוועק אהיים. א פאר טעג זיינען אריבער און ער האט זיך ניט באוויזן. אז מען איז אוועק צו אים האט מען אים געטראפן אין בעט מיט אן אפגעצערט געזיכט און אין א הויכן פיבער. און אז זי האט דערהערט דאס ער איז קראנק, איז זי א שווייגנדיקע אוועק צו אים און איז דארטן געבליבן, ביז ער איז געזונט געווארן. גאנצע נעכט האט זי שווייגנ־דיג געוואכט איבער אים און אים געהיט ווי ער וואלט איר אייגן קינד געווען.

און אז ער איז געזונט געווארן און האט זיך צום ערשטן מאל באוויזן אין גאס, איז ער געגאנגען אנגעשפארט אויף איר ארעם. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס מען האט געזען א שמייכל אויף איר געזיכט.

די צייט איז דערווייל ניט געשטאנען. עס זיינען פארשוואונדן א פאר מאנאטן. ער האט ווייטער אנגעהויבן שטיפן, און זי פלעגט זיצן א שווייגנדיגע און קוקן אויף אים. מער ניט, אירע אויגן האבן פארלארן די טויטע מידקייט און א קוים באמערקבארער פייערל האט זיך באוויזן דארטן, און אויף איר געזיכט האט זיך א שמייכל באהאלטן.

אמאל פלעגט מען זיי טרעפן צוזאמען אין גאס. נאר קיינער האט ניט געח׳לומ׳ט, אז עס וועט עפעס זיין צווישן זיי.

און אין איין טאג האט זיך די נייס פארשפרייט, אז זיי האלטן ביי חתונה האבן. קיינער האט עס ניט געגלויבט. עס האט אויס־געזען אזוי קרום, אז מען האט אפילו ניט געוואלט ריידן וועגן דעם. נאר עס האט פאסירט. די פריינט האבן פלוצלונג דערהאלטן קארטלאך — אן איינלאדונג צו דער חתונה.

די פריינט האבן זיך פארזאמלט, געזעסן ארום די טישן, גע־טרונקען און זיך געפרייט און געקלערט: ווי קאמיש גאט׳ס וועלטל איז! זי איז געזעסן א פריידיגע. די גליקלעכקייט פון איר געזיכט איז פארשוואונדן און די אויגן האבן באקומען א גלאנץ... ער

האָט געשטיפּט, געלאַכט הויך אויפן קול, שוין צו הויך, ווי ער וואָלט געוואָלט אָן עפּעס פאַרגעסן.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט. מען האָט זיי זעלטן געזען. אַז מען פלעגט אים אַמאָל טרעפן אין גאַס פלעגט ער ריידן נאָר אַ פּאָר געציילטע ווערטער און זיינע אויגן פלעגן דערשראָקן אַרומ־לויפן, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס געשראָקן.

זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ פאַרוואָרפענער גאַס — ווייט פון אַלע פריינט. זעלטן האָט אימיצער צו זיי פאַרבלאָנדזשעט. ער איז ניט געווען צופרידן, ווען אימיצער איז געקומען צו זיי אויף אַ באַזוך. ער פלעגט זיצן אַ שווייגנדיגער און זיך צוהערן צו יעדן וואָרט אירן. אַמאָל פלעגט זיך ניט־ווילנדיג ביי אים אַרויסרייסן פון מויל אַ פּאָר ווערטער, פלעגט זי אויף אים אַ קוק טאָן און אַ שמייכל געבן, ווי אַ קינד, און ער איז געבליבן שטיל.

ער איז געוואָרן בלייך, די אויגן האָבן פאַרלאָרן דעם גלאַנץ, און זיינע באַקן זיינען באַדעקט געוואָרן מיט געלע פלעקן, וואָס פלעגן זיך רייסן פון אונטער דער הויט.

אומעטיג איז אים געווען. אָפט האָט זיך אים געוואָלט לויפן איבער די רוישיגע גאַסן פון שטאָט און איינאָטעמען דעם לעבן, וואָס האָט זיך אַזוי אימפּעדיג געטראָגן, און שרייען הויך און שטיפן, ווי אָט די קינדער אין גאַס.

ער האָט אָבער גאָר ניט געטאָן, זיך געשראָקן פאַר דער פרוי, וועלכע האָט געהיט זיינע טריט. ער האָט ניט געוואַגט אַ טראָט טאָן ניט פרעגנדיג ביי דער מאַמע־פרוי, וועלכע פלעגט אים אימער באַגעגענען מיט דיזעלבע פאָרשנדע בליקן און געזוכט אין זיי עפּעס וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען.

אַמאָל, ווען ער איז געלעגן ביינאַכט אין בעט און דער שלאָף איז ניט געקומען, פלעגט ער ליגן און טראַכטן. אַלץ איז געווען אַזוי שטיל, ניט מער ווי איר אָטעמען, וואָס האָט ביי אים אַרויס־גערופן אַ נערוועזן ציטער, האָט זיך געהערט. זי איז געלעגן ביי

זיין זייט און געאָטעמט אומרעגלמעסיג. די שוויים פון איר קער־פּער פלעגט אים ארויסרופן אַן אומאַנגענעם געפיל. און אַז זיינע הענט פלעגן איר באַרירן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַ טויטער קערפּער ליגט לעבן אים — קאַלט און קלעפּיג! די שרעק איז אין אים געוואַקסן. ער האָט זיך אָפּגערוקט צום ברעג בעט און זיך שטייף ארומגעוויקלט מיטן צודעק.

פלעגט ער ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און טראַכטן, און באַ־שאַפן אין זיינע געדאַנקען אַלערליי בילדער. אָט ליגט נעבן אים אַ פרוי מיט אַ ווייס־שמעקעדיג לייב און רעדט צו אים אַזוי שטיל... זי רייצט אים מיט איר יונגן צעוואַרימטן קערפּער און שעפּטשעט נאַרישע צערטלאַכע ווערטער: נעם מיך ארום, קוש מיך! אָטעם אין מיר אריין אַ טייל פון דיין לעבן — איך בענק אַזוי!...

זיינע געדאַנקען ווערן איבערגעריסן. עס הערן זיך די שווערע באַוועגונגען פון איר קערפּער. זי בייזערט זיך אויף אים, וואָרום ער לאָזט איר ניט שלאָפן. עס פאַרקלעמט אים דאָס האַרץ און ער בלייבט ליגן אַזוי, ווי יעדער פונק לעבן וואָלט אים פאַרלאָזן.

איינמאָל, אין אַן אָוונט, האָט ער עפּעס באַמערקט אין אירע אויגן עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט פריער ניט געזען. ער האָט זיך געוואונדערט, אָבער געשוויגן. זי האָט אים מיט האַלב־ארונ־טערגעלאָזענע אויגן אַנטדעקט דעם גרויסן סוד...

די האַרץ האָט ביי אים אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט פּלוצים דערפילט, אַז ער איז ווי אויסגעוואַקסן און אַז דאָס לעבן האָט אים געגעבן אַן אינהאַלט. דערנאָך אָבער זיינען געקומען מאָנאַטן, וואָס האָבן אין זיין נשמה נאָך וואונדן געמאַכט. זי איז געלעגן גאַנצע טעג אין בעט אין אַ האַלב־לעטאַרגישן צושטאַנד. פלעגט זי אַמאָל שוין איבערגיין די הויז מיט איר צעשוואָומענעם קערפּער האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי קריכט קוים. איר געזיכט איז גע־וואָרן נאָך געלער און האָט אין אים ארויסגערופן אַ ווידערגעפיל. אָפּט, ווען ער איז געקומען פאַרנאַכט פון דער ארבעט פלעגט

ער זי טרעפֿן אין בעט מיטן געזיכט פֿאַרגראָבן אין קישן, קרעכצנדיק און שטיל וויינען. אין אַזעלכע מינוטן האָט אין זיין האַרץ עפּעס אָנגעהויבן נאָגן און האָט געפֿילט ווי ער איז אין עפּעס איר שולדיג. ער פֿלעגט צוגיין צו איר, זיך איבערבויגן איבער איר קערפּער און ריידן אַזעלכע צערטלאַכע ווערטער. זי פֿלעגט ליגן באַוועגלאָז און פֿון אירע אויגן אָבער האָט אַ וואַרימקייט געשיינט. און גוט איז אים געוואָרן. עפּעס פֿריידיגס האָט זיך אַריינגעגליטשט אין זיין האַרצן. באַלד האָט אָבער עפּעס אַ גרויל געטאָן. ער האָט פֿאַר־מאַכט די אויגן און איז געבליבן זיצן אַ שווייגנדיגער.

גאַנצע נעכט פֿלעגט ער ליגן מיט אָפֿענע אויגן און טרוימען וועגן דעם נאָך ניט געבאָרן קינד. אַ רויטס, אַ פּעטינקס וועט דאָס קינד זיין. אָט ליגט דאָס קינד אין וויגעלע און וואַרפֿט מיט די פּיסלאַך און שרייט און אין יעדן ווינקל הילכט אָפּ זיין קול — ווי דאָס לעבן וואָלט זיך מיט גוואַלד אַריינגעריסן אין חדר און געזיגט.

אָבער אַז דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן און ער האָט עס צום ערשטן מאָל דערזען, איז אים נאָך אומעטיגער געוואָרן אויפֿן האַרצן. דאָס קינד האָט געהאַט דעם זעלבן קרענקלאַכן אויסזען ווי די מאַמע. אַפֿילו דיזעלבע מידע טויטע אויגן. ער האָט געקוקט אויפֿן קינד, דערנאָך אויף איר. זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט פֿון איינעם צום צווייטן און אַ פֿאַרדרוס האָט אים אַרומגעכאַפּט.

נאָר אַז דאָס קינד האָט אָנגעהויבן פּישטשען און האָט פֿאַר־קרימט דאָס פּנימ׳ל, האָט זיך אַ רחמנות־געפֿיל אַריינגעכאַפּט אין זיין האַרצן און האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער וויגל און גע־קושט דעם קליינעם פּנימ׳ל. פּאָרט אייגען בלוט און פֿלייש.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. זי איז שוין געווען געזונט, נאָר טאָג און נאַכט פֿאַרנומען מיטן קינד, וואָס פֿלעגט ליגן אין וויגל באַוועגלאָז און מען האָט געקענט מיינען, אַז עס איז גאָר ניט קיין לעבעדיג וועזן, נאָר אַ שטיק געלע וואַקס, פֿון וועלכן מען

האָט אויסגעקנאָטן אַ געזיכט. דער דאָקטאָר פּלעגט זיין טעגלאַך אין הויז, באַטראַכטן דאָס קינד און אַוועקגיין. זי פּלעגט בלייבן מיט שרעק אין איר האַרצן.

אין אַן אָוונט איז עס געשען. דאָס קינד האָט זיך פּלוצים צעוויינט, האָט דערנאָך אַ כאָרכל געטאָן, אַ פּאָכע געטאָן מיט אַ הענטל און איז געבליבן ליגן באַוועגלאָז. אַז זיי זיינען צוגעלאָפן צום וויגעלע איז שוין געווען נאָך אַלעמען. זי האָט זיך צעיאָמערט און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אין האַרצן איז געווען ליידיג און די קאָפּ איז געווען שווער. וויינען אָבער האָט ער ניט געקענט.

האָט מען דעם טויטן קערפּערל אַוועקגענומען און אין הויז איז געוואָרן נאָך אומעטיגער. עפּעס האָבן די ווענט געוויינט. און די וויגל איז געשטאַנען ליידיג צוגעדעקט מיט ווייסן און זיי פּלעגן ביידע וואַרפן פאַר׳גנב׳עטע בליקן אַהין און דאָס האַרץ האָט גע־ריסן.

זי איז געוואָרן נאָך קרענקלאַכער פון טאָג צו טאָג. די באַקן זיינען געוואָרן איינגעדאַרטער, די אויגן האָט מען שוין קוים אַרויס־געזען. איז דער דאָקטאָר געקומען און זי באַטראַכט און געזאָגט, אַז זי מוז פאָרן אין די בערג, אַז ניט וועט זי ערנסט קראַנק ווערן. האָט זי באַשלאָסן פאָרן.

ער האָט איינגעקויפט אירע זאַכן, אָפּגעפירט צום באַן, זיך געזעגנט און געוואַרט אַז דער באַן איז אָפּגעגאַנגען און איז דערנאָך געגאַנגען פּאַמעלאַך איבער די גאַסן.

צום ערשטן מאָל אין די דריי יאָר איז ער געווען אַליין. האָט ער יעצט געוואַנדערט איבער די גאַסן און זיך געוואונדערט אויף אַלץ וואָס זיינע אויגן האָבן געזען. אים איז פאָרגעקומען ווי ער וואָלט דעם ערשטן מאָל באַטראַכטן די גאַסן פון אַ פרעמדער שטאָט, און ער ווייסט ניט וואוהין צו גיין און וואָס צו טאָן. ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאַרק, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק

און געלאָזן זיינע געדאַנקען וואַנדערן. אין זיין האַרצן האָט זיך די בענקעניש פאַרקליבן און האָט פון דאָרט אַרויסגעוויינט. ער האָט זיך דערמאָנט אויף די יאָרן וואָס זיינען אַוועק, אויף די טעג, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון זיין לעבן און אין זיין נשמה איז דער אומעט געוואַקסן. שוואַרץ איז אים געוואָרן פאַר די אויגן.

ווען ער איז געקומען אַהיים איז שוין געווען פינסטער. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און זיך געשראָקן פאַר די פינס־טערע צימערן. האָט ער ליכטיג געמאַכט, האָט אים די פוסטקייט אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים און אומהיימלאַך איז אים געוואָרן.

עס איז געוואָרן אומהיימלאַך און ענג, איז ער באַלד אַוועק צוריק אין די טומלדיגע גאַסן און אַזוי בלאָנדזשענדיג איז ער גע־קומען צו דער הויז, וואו עטל האָט געוואוינט.

איז ער געשטאַנען ביי דער הויז און בולט׳ער האָבן זיך גע־ריסן זיינע געדאַנקען. שוין לאַנג אַז ער האָט זי ניט געזען. און ווי אַ ליכטיגער שטראַל האָט זי דאַך דורכגעבלאָנדזשעט זיינע וועגן. און ער האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי עס איז פאַר אים מעגלאַך געווען זי ניט צו זען גאַנצע דריי יאָר. אַמאָל איז ער דאַך אַזוי האַרציג נאָענט געווען צו איר.

אַזוי טראַכטנדיג האָט ער געזען ווי זי איז אַרויס פון הויז. זיי האָבן זיך באַגעגנט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. די אויגן זיינען ביי אים גרעסער געוואָרן. ער איז אָבער געבליבן שטיין. זיי האָבן זיך באַגריסט. ביידע האָבן ניט געפונען קיין ווערטער צום ריידן. זיינען ביידע אַוועק אין די גאַסן שווייגנדיג, פאַרנומען מיט דיזעלביגע געדאַנקען.

די צייט איז געגאַנגען. אימיצער, וועלכער הערשט איבער אונזער לעבן, האָט זיי שטאַרקער צוגעבונדן, און דער אייביגער שפּיל האָט זיך אָנגעפאַנגען.

עס האָט אָבער איבער זייער לעבן געפלאַטערט און געלויערט אַ שרעק, און ווי שרעקעדיגע קינדער האָבן זיי נאָך נעענטער זיך געטוליעט איינער פון צווייטן.

און פון איר האָט ער אָנגעהויבן קריגן בריוו, אַז זי רעכנט באַלד קומען אַהיים. יעדער בריוו האָט אָנגעפילט זיין האַרץ מיט אַנגסט. זי פלעגט זען זיין בלייבן געזיכט און צעשראָקענע אויגן, האָט זי שוין אַליין פאַרשטאַנען די אורזאַך פון זיין אומרואיקייט און שרעק.

איינמאָל איז ער געקומען אַהיים און געטראָפן אַ טעלעגראַמע, אַז זי קומט מאָרגן. זאָל ער זי אָפּוואַרטן ביים באַן. ער איז לאַנג געשטאַנען באַוועגלאָז. די בוכשטאַבן האָבן געטאַנצט פאַר זיינע אויגן און אַ האָפּנונגסלאָזער אומעט האָט געדריקט זיין ברוסט. ער איז געזעסן אין דער האַלב־טונקלהייט און זיך צוגעהערט צום רויש פון שטאָט. בילדער פון זיין לעבן מיט איר זיינען פאַר אים אַרויסגעשוואומען. איר געל־וואַקסענער געזיכט, אירע לעבנסלאָזע אויגן האָבן אים אויפגעשווידערט. און מיט איר וועט ער דאַרפן אייביג וואוינען אין די איינגע צימערן, וואו זי וועט זיך אים פּלאָנטערן פאַר די פיס. ווי אַ שווערן שטיין אויפן האַלז וועט זי אים אַרונטערשלעפּן צו איר פּוסטן, באַוועגלאָזן לעבן. ווי וועט ער קענען זיין נאָענט צו איר. ליגן מיט איר אין איין בעט און איינאָטעמען דעם שוויים פון איר קרענקלאַכן קערפּער. און זי וועט אים אַרומנעמען, מיט אירע קאַלטע און קלעפּיגע הענט באַרירן זיין וואַרימען קערפּער. פיליכט וועט זי נאָך אים אַמאָל קושן, און אויף די ליפּן, און ער וועט פילן איר אָטעם אַזוי נאָענט צו אים, און זיין ליב וועט צוקן און ציטערן פון איר באַריר.

ער האָט געפילט, אַז זיין קאָפּ ווערט אָנגעפילט מיט שטיקער פייער און זיין מאָרך ברענט. דער אָוונט איז פאַרשוואונדן און די ערשטע שטונדן פון דער נאַכט האָבן אַראָפּגענידערט אויף דער שטאָט, און ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן באַגלייט פון דעם אומעט פון זיין נשמה, און זיין האַרץ האָט געוויינט, זיך געריסן פון זיין ברוסט. זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער די הייזער און געזען די פייערלאַך שימערן — ווי זיי וואָלטן אים געוואונטשן אַ זיי־געזונט צו זיין ווייטער רייזע.

ער איז צוגעקומען צום בריק, וועלכער איז געהאַנגען איבער די טונקעלע וואַסערן, און די הויכע קופּאָלן מיט די ריזיגע שאָטנס האָבן זיך געוועבט אַרום אים. אים האָט אָנגעפאַנגען נאָגן אין האַרצן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן עטלעו. טרערן האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן פון זיינע אויגן און ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אָן דעם קאַלטן אייזערנעם פּאַרענטש און געוויינט הויך אויפן קול.

ער האָט זיך אויסגעוויינט. שטיל איז געווען. די עלעקטרישע פייערלאַך האָבן געהיימניספול געוואונקען. ער איז געשטאַנען אי־בערגעבויגן איבער דעם פּאַרענטש און אַרונטערגעקוקט צום וואַסער. נאָך איינמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט, אַ קוק געטאָן צו דער שטאָט וואָס איז געלעגן הינטער אים און דערנאָך האָט ער פאַר־מאַכט די אויגן און דורך דער לופט האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שוואַרצער פלעק.

עס האָט זיך געהערט אַ שטילער ציטער איבערן וואַסער. דער־נאָך איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

ער האָט געזיגט.

# די הייליגע מאַריאַ

איך האָב זיך באַקענט מיט מאַרטינ׳ען אין די אָרעגאָן־וועלדער, וואו מיר האָבן ביידע געאַרבעט אַלס לאַמבער־דזשעקס. מיר פלעגן ביידע טרינקען אַ סך צוזאַמען, דערנאָך זיך אוועקזעצן אין דרויסן באַ דער לבנה־ליכט און ריידן וועגן אונזערע וואַנדערונגען.

מאַרטין איז געווען איבער זעקס פוס הויך; זיינע מוסקולן זיינען געווען האַרט ווי שטאָל, ברייט ביינערדיג מיט אַ מאַסיוון קאָפּ, די האָר געקרייזלטע און דער געזיכט פאַרברוינט פון שטענ־דיגן זיין אויפן זון. זיין שטים איז געווען אַ פולע און פלעגט אָפּ־קלינגען אין דער שטילער נאַכט ווי אַ דונער. מיך האָט ער ליב געהאַט אַזוי שטאַרק, ווי ער האָט אַנדערע געהאַסט; אַלע פלעגן אים אויסמיידן, מורא האָבנדיג פאַר זיינע האַרטע פויסטן און זיין הייס בלוט.

עס איז געווען אין אָנהויב יוני. אַ פּאָר טעג פריער האָבן מיר פאַרלאָזן די שווייסיגע בעטלאַך אונזערע, זיך געזעגנט מיט די קאַמעראַדן און זיינען אוועק וואַנדערן. שפּייז האָבן מיר געהאַט גענוג און די וועלדער האָבן פאַרשפּרייט אַ זיסע ליידנשאַפט אַרום אונז: מען האָט בלויז געדאַרפט פאַרמאַכן די אויגן און דער ווינט זאָל זיך גליטשן דורך די האָר, אַז אַלץ זאָל ווערן פאַרוואַנדלט ווי דורך אַ צויבער אין אַנ׳אַנדער וועלט.

מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אונזער טענט, באַשלאָסן צו בלייבן אַביסל אין די שאָטנס פון די וועלדער. אַ פינסטערע נאַכט, אָן שטערן, די בוימער זיינען געווען באַוועגלאָז, מער ניט די שאָטנס האָבן זיך געפלאָכטן אַרום אונז און געטאַנצט דעם טאַנץ פון דער נאַכט.

אזוי זיצנדיק ארום פייער, צום ערשטן שטיל, דערנאָך ריידנ־דיג פאַרבענקט וועגן אונזערע טעג, האָט מיר מאַרטין דערציילט וועגן דער הייליגער מאַריא.

„דו זעסט, דזשים, אין אזא נאַכט האָב איך אָנגעהויבן מיינע וואַנדערונגען!" ער קוקט שטאַר אין דער פינסטערניש. „איך בין דעמאָלט יונג געווען און שטאַרק אייזן צו בויגן. איצט ווער איך פעט ארום גאַרטל און די האָר גרויען שוין אַרום די ווינקלען. נאָר דעמאָלט איז מיין קערפּער געווען גלייך און שטאַרק, און די זון האָט שטענדיג געשפּילט אויף מיינע ליפּן. וואָס פאַר אַ טרוימען איך האָב געהאַט! גרויסע, ליכטיגע טרוימען. יעדער נאַר טרוימט אזוי! בויט לופט־שלעסער און דערנאָך פּלאַצט עס ווי זייפן־בלאָזן, און דו בלייבסט מיט אַ פּוסט האַרץ, אַלץ בלייבט ליידיג, און דו הויבסט אָן דיין וואַנדערן, דו זוכסט דאָס נעכטיקע, וואָס איז שוין מער ניטאָ, און די פּוסטקייט לאַכט אַרום דיר.

געבוירן געוואָרן אין אָרימקייט, אָן זונענשיין, האָב איך דאָך געבראַכט די ליכט צו מיינע פענסטער. איך האָב געפּרואווט זיין עטוואָס מער ווי אַנדערע. מיט מיין שמייכל אָדער מיט מיינע האַרטע מוסקולן האָב איך דורכגעבראָכן מיין וועג: בין געפאַלן און אויפ־געשטאַנען און געשמייכלט מיט צאָרן צו דער וועלט און ענדלאָך האָב איך געזיגט: ווילדע בלוטן האָבן זיך געריסן דורך מיר, איך בין געווען דער זיגער. נאָר גאָט האָט געלאַכט, ווייל מיינע וועגן האָבן דערגרייכט דעם אָפּגרונט. אַ נאַר גלויבט צופיל אין זיך, זעט ניט זיין אונטערגאַנג.

די הייליגע מאַריא האָב איך באַגעגנט אין אַ קאַבאַרע אין ניו יאָרק. עס איז געווען מיין ערשטער מאָל דאָרטן. עס איז איינע פון די פּלעצער, וואָס מען באַמערקט ניט אין דרויסן. שטיל און פינסטער ארום הויז, נאָר הינטער פאַרמאַכטע טירן שרייען בלוטן: קאָרטשן זיך מענטשן און ווילדן ליידנשאַפטן! — אַנדערע קומען אהין פאַרגעסן זייער אומעט, אַנדערע צו טרינקען פון לעבן

אומגעשטערט. די מוזיק שפילט, קערפערס פלעכטן זיך איינע אין די אַנדערע, צערטלאַכקייט, וויפיל דו ווילסט, אויב דו קענסט נאָר באַצאָלן: — און מענטשן ווילן פארגעסן, ווילן כאָטש איין נאַכט פילן לעבן זיך ־די גלאַטע לייב פון פרויען־קערפער, הונגעריגע פון יאָרן עלנד און בענקעניש נאָך אַ פרויען לייב, קומען זיי מיט ציטערדיגע הענט און נעמען פון לעבן דאָס לעצטע מאָל, איידער דער לעצטער באַגער לעשט זיך אויס.

איך בין געזעסן אַזוי אויף אַ טערקישן דיוואַן, האַלב אַנגעלענט און געקוקט אויף די וואָלקענס רויך, וואָס האָט אַנגעפילט דעם חדר. די מוזיק האָט זיך ווילד צעשריען און די טאַנצענדע פאַרלאָך האָבן זיך געדרעהט איינע צו די אַנדערע. ווייסע האָר און פאַרלאָשענע אויגן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די האַלב־נאַקעטע קערפערס פון די פרויען און די ראָזאָווע ליכט האָט באַשיינט דעם חדר און גערופן, גערופן!

עמיצער האָט מיך לייכט באַרירט, אַ הענטל האָט זיך איינגעפלאָכטן אין מיינע האָר און לעבן מיר אויפן דיוואַן האָט זיך אַ ליידנשאַפטלאַכער פּערפיום פאַרשפּרייט.

„וואָס זיצסטו עפּעס אַליין?" זי האָט אויסגעבויגן איר קערפּער און איר פולע ברוסט האָט מיך אַנגערירט; מיין בלוט האָט זיך אין מיר צעשריען.

„ווער ביסטו, מיידעלע?" זי האָט שעלמיש אַ לאַך געטאָן, — "איך בין די הייליגע מאַריאַ! איך בין געקומען ־דיך אויסלייזן פון דיין אומעט!" זי האָט זיך שטיל צעלאַכט און אירע אויגן האָבן זיך אַזוי העל אָנגעצונדן. — איך בין געזעסן פאַר אַ מינוט שווייגנדיג, געקוקט אויף איר און די אומרואיקייט איז אין מיר געוואַקסן און זי האָט פרעך געשמייכלט.

זי איז געווען רייצנדיג! דזשים, באַי, אפילו דו וואָלסט איר באַגערט, הויך און שלאַנק. איר געזיכט אַ קינדערשער, מיט קרויזן האָר ווילד אויף איר קאָפּ, און אויגן, וואָס האָבן געפלאַמט און

געצונדן דיין בלוט! מיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון איך ריר: בלויז דער שטן האָט געקענט באַשאַפן אַזאַ פרוי.

זי האָט צוגעלייגט איר באַק צו מיינער, געדריקט איר קערפּער צו מיר. — נאָר איך האָב ניט געקענט רירן מיינע הענט: אומ־זיכטבאַרע פעדים האָבן זיך געצויגן פון איר צו מיר אין האַרצן אַריין! מאָדנע, איך האָב דערפילט אַ ווייטאָג אין מיין ברוסט, זיך געפילט באַליידיקט פון עפּעס און מיינע פויסטן האָבן זיך געדריקט פון צאָרן.

„אַ פיינער מאַן!“ האָט זי זיך פרעך צעלאַכט, „גיי אַהיים צו דיין מאַמעס פאַרטעך, דו גרויסער יונג! אַ שלעכטע מיידל קען נאָך דיך פאַרפירן!“ — זי האָט געוואָלט אַוועקגיין, איך האָב איר אָנגעכאַפּט ביים אָרעם, שטאַרק צענויפגעדריקט, זי איז געוואָרן עטוואָס בלאַס און האָט זיך צוריק אַוועק געזעצט.

„דו האָסט מזל מיידל; ווען אַן אַנדערע זאָל מיך אַזוי באַ־לייד'גן, וואָלט איך איר פיין צעקלאַפּט“.

„טאָ וואָרום טוסטו דאָס ניט מיט מיר?“ אירע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט.

„איך ווייס ניט, דער טייוול זאָל דיר נעמען, ווי שיין דו ביסט!“

„האָ, איך געפעל דיר? — טאָ וואָס זיצסטו ווי אַ פגר? — דו ביסט אויך אַ היבשער יונג: שטאַרק מוזטו זיין, ווען איך וואָלט געווען אַן אַנדערע, וואָלט איך דיך פאַר מיין געליבטן געמאַכט!“ — פאַר אַ מאָמענט איז זי געוואָרן טרויעריג, דערנאָך האָט זי אָנ־געהויבן זינגען אַ גאַסן־לידל. „קום אין מיין חדר, געליבטער, קום, איך וואַרט אויף דיר!“ —

„זיי מיט מיר היינט“ — האָב איך שטיל געזאָגט. — „איך וועל דיר גוט באַצאָלן“.

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרדעכטיגט.

„זאָג נאָר, געלט האָסטו?“

איך האָב אַרויסגענומען עטלאַכע דאָלער און איר געגעבן.

„דו ביסט צופרידן?"

זי האָט ניט געענטפערט, נאָר מיך אָנגעקוקט מאָדנע.

„דו ווילסט גיין אין מיין חדר?" אירע אויגן האָבן געשמייכלט.

„דו וואוינסט ווייט פון דאַנען?"

„ניט ווייט, כ'וועל דיך ניט פאַרפירן"

אין אַ קורצער צייט זיינען מיר געווען באַ איר אין חדר.

צוויי צימערן, רייך מעבלירט, זיידענע גאַרדינען, אויף די פענסטער אַ פּאָר בילדער פון נאַקעטע פרויען, ניט שלעכט געמאָלן, אַן עטאַזשערקע מיט ביכער באַ דער וואַנט און אין אַ ווינקל פון חדר אַן אַלטאַר, מיט'ן בילד פון דער הייליגער מאַריאַ, באַ וועלכן עס האָט געברענט אַ גרויסע ליכט. איך בין געשטאַנען פאַר אַ מאָמענט און געטראַכט וואָס פאַר אַ מאָדנעם קאָנטראַסט צווישן דער לעבעדיגער מאַריאַ — און די הייליגע מאַריאַ פון בילד, די מוטער פון געקרייציגטן גאָט: עפּעס איז געווען טראַגישעס אין דעם אַלעמען: — און פיליכט איז דאָס נאַטירלאַך. ביידע זינדיגע, און יעזוס, דער זון פון זינד, דער פאַרטיידיגער פון אַלע געפאַלענע. און איך דערמאָן זיך די ווערטער „דער, וואָס איז ריין פון זינד, זאָל וואַרפן דעם ערשטן שטיין!"

„גיב מיר דיין הוט און זעץ זיך". איך האָב אַ ציטער געטאָן.

„הייליגע מאַריאַ!" — האָב איך אַרויסגעשעפּטשעט און אין האַלז האָט עפּעס געוואָרגן.

רויטע ליכט אַרום מיר, אַ מידקייט איז מיר באַפאַלן. איך קוק שטאַר און זע קיין זאַך ניט. עפּעס אין רויטן שיין וועבט זיך, וועבט זיך! און פון די זיידענע גאַרדינען, וואָס פאַרשטעלן די בעט, וועבט דורך די געשטאַלט פון איר. אַ ווייסע לייב און פולע ברוסטן! אַ הייליגע לײַדנשאַפט! אויבן זיצט גאָט און מיט זיין ווילן מאַכט ער רויטע בלוט פלאַמען, טאַנצן פאַר די אויגן. רויטע שיין, ווייסע לייב, אַ הייליגע שטילקייט, אַ דורכזיכטיגע זיידענע

נאַכט־קלייד, ווייסע רונדע גלידער. זי זעט מיך ניט, נאָר גייט מיט געמאָסטענע טריט צום אַלטאַר, רויטע פלאַמען אַרום איר, אַ הייליגע קניִט זי מיט אַ געבויגענעם קאָפּ:

„הייליגע מאַריאַ! מוטער פון אַלע זינדיגע! דיין זון איז געווען אונזער איינציגער פאַרטיידיגער, און דעריבער האָבן די מענטשן אים געקרייציגט! מיט מיין קאָפּ אויף דיין ברוסט ליג איך איצט, און ווי אַ מאַמע לייג אַרויף דיינע הענט אויף מיר און גיב מיר טרייסט!“

עס ציטערן באַ מיר די ברעמען, איך קני לעבן איר, איך פיל איר ווייס ראַזאָווע לייב, די הענט ציטערן.

„הייליגע מאַריאַ! הייליגע מאַריאַ!“

מיר זיצן ביידע אויפן דיקן ראָג, איר קאָפּ אָנגעלענט אָן מיר, זי רעט שטיל:

„דו האָסט מיר געדאַרפט אַרומנעמען און דריקן צו זיך, מיר וועלן שפּילן אין געליבטע. — וואָס זאָגסטו בחור?“

מיינע הענט אויף אירע ברוסטן ציטערן.

„דו ביסט אַ מאָדנער, זייער אַ מאָדנער! ווען איך בין אַן אַנ־דערע, וואָלט איך דיך פאַר מיין געליבטן געמאַכט. ווי אַלט ביסטו?“

זי פאַרמאַכט די אויגן.

„דריי און צוואַנציג“.

„און איך בין נאָך יינגער!“

„ס׳וואָלט גוט געווען אַזוי צו זיצן מיט דיר, מיט אַזאַ יונג און דו וואָלסט מיר געזאָגט ווי שיין איך בין! — איר שטים ציטערט.

„זאָג נאָר, האָסט אַמאָל געקושט אַ מיידל?“

איך הויב אָן לאַכן.

„וואָס מיינסטו, איך בין איצט געבוירן געוואָרן?“

„טאָ נעם מיך אַרום שטאַרקער, קוש מיך ווי דו וואָלסט גע־קושט דיין מיידל, דיין געליבטע.“

אונזערע ליפּן ציען זיך איינע צו די אַנדערע. אירע ליפּן זיינען הייס, פיבערדיג! אירע הענט פלעכטן זיך אַרום מיין האַלז, איר זודיגע ברוסט דריקט מיינע.

„זאָג, אַז דו האָסט מיך ליב, זאָג, וואָס אַרט דיך, מאָרגן וועסטו צוריק אַוועק אין דיין וועלט און איך וועל ליגן און טרוימען".

איך ווייס אַליין ניט וואָס מיינע ליפּן זאָגן. דער חדר ברענט מיט רויטע פלאַמען, די אויגן, דער מאַרך, אַלץ האָט זיך צעגויפ־געגאָסן מיט דעם רויטן שיין! מיינע דריי און צוואַנציג זומערן האָבן זיך צעשריען אין מיין בלוט. ליבע צו ליבע — עס גיסט זיך אַ מידקייט. שטיל אַרום און די אויגן שליסן זיך. איר אָטעם נאָענט לעבן מיר, איר האַנט אַרום מיר און די נאַכט פאַרוויגט אונז מיט שטילע טרוימען.

אַ גאַנצן טאָג האָט געשנייט, איך בין ניט אַרויס פון מיין חדר. שוין צוויי טעג, אַז איך האָב ניט געזען די הייליגע מאַריאַ, שוין צוויי נעכט, אַז איך האָב ניט פאַרמאַכט די אויגן. אַ ווילדער הונגער האָט געשריען אין מיין האַרצן — דו מוזט גיין צו איר, דו מוזט! ענג איז מיר דער חדר. אין דרויסן ווייסקייט, אומ־ענדלאַכע ווייסקייט גיסט זיך איבער מיר.

נאָך אַמאָל באַ איר אין חדר. זי קלייבט זיך אַוועקגיין. זי קוקט אויף מיר, נעמט מיך אונטער'ן אָרעם און זאָגט שטיל:

„קום".

מיר גייען איבער די גאַסן, זי דריקט שטאַרק מיין אָרעם, איך פיל דעם לייכטן ציטער פון איר קערפּער.

„עס איז דיר קאַלט?" זי שאָקלט מיט'ן קאָפּ.

„ניט קאַלט, איך האָב געדיינקט, אַז דו וועסט מער ניט קומען."

זי בלייבט שטיל, איך זע די טרערן אין אירע אויגן.

„וואָרום האָסטו געדיינקט אַזוי?"

„אָט איך ווייס, דו ביזט אַ שיינער! — איך בין דאָך מער ניט איינע פון יענע. מען גלעט מיך, קושט מיך און דערנאָך גייט מען אַוועק. איך האָס זיי, מיר ווילט זיך שרייען פאַר ווייטאָג, נאָר

די ליפן שמייכלען. שוין פארשאלטן אזוי! אלע בא אונז דאס זעלבע. ווי די מאמע, ווי די קינדער: די בלוט אזא. וואס קען מען טאן! דו ביסט אן אנדערער, ריין ביסטו, דיינע ארעמס האבן אזוי שטארק געדריקט און דיינע קושן ברענען נאך איצט מיין לייב! — קום אין מיין חדר, דארטן וועלן מיר זיצן צוזאמען כאטש נאך איינמאל, קום — ".

איך ענטפער ניט. מיין קערפער צוקט און ציטערט.

אין חדר גיסט זיך א מידע ווארימקייט. מאריא איז אין צווייטן חדר. איך קום צום טיר. מיין הארץ קלאפט אזוי שנעל. אימפעטיג טראגט זיך דאס בלוט דורך די אדערן. פאמעלאך מיט געמאסטענע טריט קומט זי אריין. איר ווייסער קערפער שיינט דורך דער דורכזיכטיגער קלייד, די ברוסטן שפארן זיך און שרייען צו מיין בלוט, זי קניט פאר מיר.

„דו ביסט שיין, מאריא; זאג, אז דו ביסט צו קיינעם ניט גע־קומען אזוי". אירע ליפן ציטערן.

„גאט, ווען עס וואלט געווען אזוי". איר שטים ציטערט.

„מען דארף ניט, פאר מיר ביסטו ריין, דיין קערפער, איז ווייס און פריש, ווי פון א יונג־פרוי, וועמעס לייב קיין מאן האט נאך ניט באריערט." זי כליפעט, א שטילער שלוכצן.

„וואלט איך געווען שטארבן אין מיין מאמעס בויך — פאר־שאלטענע בלוט, ווי די מאמע, אזוי דאס קינד".

איך לאז איר ניט ענדיגן. מיינע ליפן בענקען נאך אירע. צוויי פלאמען גיסן זיך צוזאמען, עס פלאמט די וועלט אין רויטן גליט, עס זינגט די שטילקייט.

א גאנצן טאג אז איך בלאנדזשע ארום אין די גאסן. ווי א הונט וואויעט אין מיר מיין אומרו. איך שטיי בא איר הויז און ווארט. עס גייט אריין אהין א הויכער יונגערמאן מיט גרויסע פלאמענדיגע אויגן.

דאס מוז זיכער זיין צו איר.

זי ווארט פילייכט מיט אָפענע אָרעמס פאַר אים! די זיידע־נע דורכזיכטיגע קלייד פאַרדעקט איר ווייסן לייב און ער שלינגט איר מיט די אויגן! אַ שוויים באַדעקט מיין קערפּער. איך גיי מיט ציטערדיגע טריט צו איר טיר. איך קלאַפּ נערוועז, קיינער קומט ניט אַרויס! זי וועט איצט ניט עפענען. עס שטיקט מיך אַ ווילדער געלעכטער. געבוירן פאַר דער גאַס, איר קערפּער באַ־לאַנגט צו אַלעמען. יעדער איינער, אין וועלכן עס וואויעט דער הונגער נאָך אַ פרויען־לייב, קען קומען און זעטיגן זיך. עס גרוילט מיר, איך שפּאַר אָן מיין קאָפּ אין דער טיר און ווי דורך אַ וואונדער עפנט זיך אויף. איך קוק מיט שטאַרע אויגן אין חדר — קיינער איז ניטאָ. פון צווייטן חדר קומט אַ שטילער מורמל, ווי וואַסער וואָלט געפאַלן פון ערגעץ הויך. איך לויף מיט אימפּעט צו צו די גאַרדינען, רייס זיי פאַנאַנדער און בלייב שטיין מיט ציטערדיגע ליפּן. עס ברענט די ליכט מיט איר לעצטן ציטער. מאַריאַ ליגט אויף די קני, איר געזיכט באַגראָבן אין די הענט און כליפּעט שטיל:

„פאַרשאָלטן זאָל ווערן מיין שלעכט האַרץ!“

איך קריך אויף די קני פאַר איר. איך ציטער זי איצט צו באַרירן! אומריין בין איך! געבאָרן געוואָרן אין אַ שוואַרצער מינוט. זי הויבט אויף די פאַרטרערטע אויגן, די ברעמען ציטערן.

„הייליגע מאַריאַ!“ — אירע אויגן שמייכלען דורך טרערן.

„פאַרגיב מיר!“ שרייען מיינע ליפּן, „איך בין אַ געפאַלענער, אַן אומריינער.“ זי לאָזט מיך ניט ענדיגן. אירע אָרעמס דריקן מיך צו איר, זי גלעט מיינע האָר.

„גאָט, פאַרגיב מיר. מיין האַרץ איז פאַרשאָלטן“.

אַ געוויסן אָוונט בין איך געקומען צו איר און זי איז ניט געווען אין חדר. איך בין געשטאַנען שטונדן־לאַנג און געוואַרט און זי איז ניט געקומען. שטיקער אומעט האָבן געוויינט אין מיין האַרצן, שטיקער פלאַמען האָבן געברענט דעם קאָפּ, פון אויבן האָט אַראָפּגעקוקט אַ קאַלטער, פאַרפרוירענער הימל,

און אונטן האָט דער שניי געלאַכט מיט זיין ווייסקייט, געלאַכט פון מיין ווייטאָג.

שפּעט איז זי געקומען אַהיים. איך האָב איר נאָכגעפאָלגט צו איר חדר, אירע טריט זיינען געווען וואַקלדיגע. שוין ווייטער געטרונקען! באַ דער שיין פון דער ליכט זיינען מיר ביידע געשטאַנען, איך מיט פאַרדריקטע פויסטן און זי באַהאַלטנדיג דעם געזיכט און ציטערהנדיג ווי אַ קינד. די פיס זיינען מיר שווער געוואָרן און אַ מידקייט האָט זיך געגאָסן אין די גלידער. אַהיים: — גאָסן פאַרלאָזענע, פוסט ווי מיין נשמה, עלענדע הינט בלאָנדזשען, ווי איך, — וועל איך אַמאָל רו געפינען? !

טעג נאָך טעג, דער זעלבער אומעט. אַליין, אַליין, נעכט שטילע ציען זיך און פּייניגן מיך. אומזיסט זוך איך צו טראַכטן שלעכטע זאַכן וועגן איר. — די בלוט וויינט אין מיר און דער פאַרשטאַנד קען ניט דיינקען. ענג איז מיר דער חדר! די זון פאַרגייט, נאָך אַ טאָג אַוועק, עס ציטערט דער לעצטער שטראַל אויף מיין פענסטער! נאָך אַ שיין און פאַרלאָשן. אויסגעוועבט און מער ניטאָ, מער ניטאָ.

דער ווינט האָט זיין ליד געזונגען — דאָס האַרץ פון דער וועלט רייסט זיך צו באַפרייאונג: ווער קלאַפּט דאָס אַזוי שפּעט אין מיין טיר? — איך עפן פאַמעלאַך. הייליגע מאַריאַ! — אירע אויגן פול מיט אומעט; פריש איז זי ווי דער פרימאָרגן.

„פאַרגיב מיר", איך ליג פאַר איר אויף די קני. די טרערן רייסן זיך פון די אויגן, הענט אין הענט פלעכטן זיך, הייסע פיבערדיגע ליפּן. ביידע זיינען מיר באַשאַפן געוואָרן אין אַ מינוט פון גרויסן אומעט און אייביג וועלן מיר זיין ווי אַ שאָטן אויף פרעמדע וועגן.

די נאַכט. אָט איז איר האַרץ ריין געוואָרן. עס איז פאַרשאָלטענע בלוט! ווי די מאַמע אַזוי דאָס קינד. עפּעס שטאַרקער פון איר ווילן שטופּט זי אין אָפּגרונד: — מיר וועלן אַוועק ערגעץ ווייט און בויען אַ היים און אָנהויבן אַ נייעם לעבן.

און די טעג זיינען געלאָפן, ווי אַ וואַסער באַרג און געפאָרן זיינען מיר אין ערגעץ ניט! מאַריאַ האָט אימער עפּעס געפונען אַן אורזאַך פאַרוואָס ניט פאַרלאָזן די שטאָט. טיף אין מיין האַרצן האָט אַ וואָרעם געגריזשעט. איך האָב מער ניט געדאַרפט פאַרמאַכן די אויגן און באַלד האָב איך איר געזען אין די אָרעמס פון אַן אַנדערן. טעג פלעג איך אַרומגיין מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן, נעכט פון פאַרצווייפלונג, איך פלעג שילטן מיין אָרימע האַרץ, נאָר באַפרייען האָב איך זיך ניט געקענט.

און איינמאָל בין איך געקומען אומדערוואַרטעטערהייט צו איר אין חדר. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן און איך בין געשטאַנען אַ פינסטערער בא דער טיר, און פלוצים איז די שווערע שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. איך האָב געהערט אַ שטילן געלעכטער אין איר צימער. איך בין געשטאַנען אַ מינוט מיט'ן בלוט פאַרפרוירן אין די אָדערן. אַ קאַלטער שוויס האָט זיך געשפּאַרט דורך מיין קערפּער, און מיין האַרץ האָט געוויינט אָן טרערן! מיט שטילע טריט בין איך אַרויס אין דרויסן, די פיס זיינען געווען שווער און אין האַרצן פוסט. אַ מידער בין איך געבליבן זיצן אין פאַרק און געלאָזט דעם קאַלטן ווינט שניידן מיין קערפּער. די זון איז פאַרגאַנגען און שטיקער כמאַרעס האָבן זיך געצויגן איבער'ן הימל. אייביג, ביז מיין לעצטע זון וועט פאַרגיין וועל איך געדיינקען דעם פאַרנאַכט פון מיין אונטערגאַנג.

דריי טעג בין געלעגן פאַרשלאָסן אין מיין חדר און זי איז ניט געקומען! און דערנאָך האָב איך דערהערט אירע טריט בא מיין טיר. שטילע טריט שאַרענדיג זיך אין דער שטילקייט. איך האָב די טיר פאַרשלאָסן. איך דאַרף זי מער ניט זען. קליפּ... קלאַפּ... איך עפן ניט, איך ליג ווי אַ הונט אויף דער ערד און רייס מיין האַרץ! קליפּ!... קלאַפּ! — די טרערן ציטערן אויף מיין ברעם. איך וועל ניט עפענען! הינטערן טיר אַ שטילער געוויין: אַ כליפּן ווי פון אַ קינד: פאַרשאָלטן זאָל ווערן מיין שטאָלצע

האַרץ, איך האָב ניט געעפנט. שאַרענדיג זיינען פאַרשוואונדן אירע לעצטע טריט.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך געשטאַנען באַ איר הויז און ניט אַריין. פאַרטאָג בין איך מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו איר טיר. שטיל און פינסטער. די טיר איז געווען אָפן. ווי אַ שאָטן האָב איך זיך אַריינגעגליטשט אין חדר. פינסטער אומעטום, נאָר פון צווייטן חדר דער שיין פון ליכט. אינווייניק, באַ דעם אַלטאַר, באַ דעם בילד פון דער הייליגער מאַריאַ, איז געלעגן איר קערפּער. די ליכט האָט געהאַלטן באַם צאַנקען, די שאָטנס האָבן זיך אויס־געשפּרייט, אַנטלאָפן פאַר׳ן טויט.

מיין קערפּער איז געוואָרן ציטערדיג און דאָס האַרץ האָט געוויינט. מיינע אָרעמס אַרום איר האָבן אַזוי ווייטאָגדיג געריסן.

נאָר איינמאָל האָט זי געעפענט אירע אויגן, אַ טרער האָט זיך געשפּאַרט איבער אירע בלאַסע באַקן. אירע ליפּן האָבן געזוכט מיינע. איר לעצטער קוש האָט געמאַכט, אַז מיין האַרץ זאָל אייביג וויינען. שטיל איז געוואָרן אַרום אונז. די שאָטנס זיינען פאַר־פרוירן געוואָרן אין די ווינקלען, און יעצט האָב איך דעם טויט געדריקט צו מיר. די ליכט האָט אויסגעצאַנקט און אין דער האַלב טונקלהייט פון פרימאָרגן האָט זיך מיין רו אויף אייביג אויסגעוועבט — — —

ער איז געבליבן שטיל און געקוקט אויפן פייער. מאַרטין האָט געוויינט אָן טרערן, שטיל בין איך אוועק אין מיין טענט און אים געלאָזן זיצן באַם פייער. אין פרימאָרגן האָב איך אים נאָך געטראָפן קוקענדיג שטאַר אויף די אַשעס, וואו אַ פונק האָט נאָך געגליט.

# די שטים פון בלוט

זיי זיינען געבליבען שטיין ביי א ראָג פון גאַס און געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן שווייגנדיג.

„וואָס גייסטו טאָן, באַב, הא?“

באַב האָט אַ פיר געטאָן מיט זיין גרויסער האַנט אין זיין קערפּער, וואָס איז געווען אַביסעל איינגעבויגען, האָט זיך אויס־געגלייכט.

„וואַנדערן איבערן שטאָט אַביסעל, בען! שוין לאַנג ניט געווען דאָ. און וואָס וועסטו טאָן, בען?“

„איך? איך גיי אַהיים“.

„אַהיים? וואָס מיינסטו, בען?“

בען רעדט און קוקט פאַרטראַכטערהייט אין דער לופטן:

„דו פאַרשטייסט, באַב, דאָ איז מיין היים. אין אַ גרויסער הויז בין איך דאָ ערגעץ געבאָרן און מיין ערשטער אויסגעשריי האָט זיך אויסגעמישט מיטן טומל פון שטאָט... נאָר שטענדיק האָט מיך געצויגן ערגעץ ווייט, ווייט... האָב איך מיט שטילע טריט פאַרלאָזן די שטאָט און געוואַנדערט און גאָר ניט געפונען. דאָס גאַנצע לעבן איז פון איין שטיק אויסגעוועבט, און וואוהין מען זאָל ניט גיין, איז דער הימל דערזעלבער.

„דעם לעצטן מאָל“, האָט בען ווייטער פאַרטגעזעצט, „ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך שוין געדענקט דאָ אימער פאַרבלייבן. עמיצער האָט זיך אַנגעקניפּט אָן מיין לעבן און צו מיר שטיל גע־זונגען וועגן אָן אייגן ווינקל. נאַנסי! מיין נאַנסי! קלוגע, ברע־נענדיגע אויגן, רויטע ליפּן און שטייפע ברוסטן האָבן זיך אַזוי צוגעדריקט צו מיר... נו, וואָס נאָך דאַרף אַ מאַן? דאָס איז דאָך לעבן! האָב איך אַ היים געמאַכט און געטרוימט וועגן גרויס מאַכן

מיין נאָמען... נאָר גאָט האָט געלאַכט. אין אַ שטילער נאַכט, מיט מיינע הענט אַרום איר יונגן קערפּער, איז אַלץ אין מיר פּוסט געוואָרן... איינג די צימערן, עקלדיג איר פרויען־לייב... דער ווינט האָט מיך גערופן מיט טויזנט יאָמערן. זי האָט פאַרשטאַנען... „גיי, זאָגט זי, וואַנדער! און ווען דו וועסט צוריק קומען אַ מידער, וועט די טיר פאַר דיר אָפן זיין. איך וועל היטן דיין היים, וואַרים האַלטן די בעט מיט מיין ליַיב און וואַרטן אויף דיר“.

„איך גיי צוריק, באַב! אומעטום דאָסזעלבע. און מיד, זייער מיד בין איך. און קאַלט און שטייף זיינען מיינע גלידער“. ער דריקט שטום באַב׳ס הענט און פאַרשווינדט אין אַ צווייטער גאַס.

באַב שטייט, קוקט אים נאָך, פירט די פינגער איבער זיינע געדיכטע האָר; דערנאָך גייט ער פּאַמעלאַך אַוועק, ווי זיינע פיס וואָלטן אים פּלוצלונג שווער געוואָרן.

עס איז קיל. דער הימל איז ווייס און דורכגעוועפּט מיט האַלב־גרויע וואָלקנס. אַ הערבסט־ווינט פּילט אָן מיט אומעט די גאַסן. נאָר באַב גייט פּאַמעלאַך מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. זיין זון־פאַרברוינט געזיכט מיט די דיקע ברעמען שמייכלט: „מיר איז גוט, אַ פרעמדער אומעטום, פריי ווי דער ווינט!“ דער קאַלטער הארבסט־ווינט טאַנצט אַרום אים: פריי!... פריי!... עס איז גוט אַזוי צו וואַנדערן אין אַ פרעמדער שטאָט. אַלץ איז אַנדערש. איצט געקומען פון ווייטע וועגן, וואו די בערג זינגען דאָס ליד פון איינזאַמקייט, האָט אויפגעשלאָגן אַ געצעלט אין די געדיכטע וועלדער פון אַריזאָנאַ, וואו יעדער בוים דערציילט פון אייביקייטן... און געזעסן ביי דעם טייכל וואָס ציט זיך ווייט אַוועק און פאַרלירט זיך צווישן די בערג, האָט געוואַרט ביז די זון פאַרגייט און די רויט־באַפלעקטע וואַסער שפּינט אַ ליד פון ניט־געבאָרענע וועלטן...

איצט — אַ פרעמדע שטאָט, גרויע ווענט און אַ טומל, וואָס רייסט זיך פון דער טיפעניש פון דער ערד; אַ שטאָט ווי אַ ריזן־פאַסטקע, האַלט אַלעמען אין אייזערנע קלאַמערן... האַ! האַ! ניט

אים... באב איז פריי ווי דער ווינט און אומעטום איז זיין היים... ער שמייכלט צופרידן.

גאס־איין, גאס־אויס, אומעטום די זעלבע מענטשן־שטראָמען מיט קאַלטע געזיכטער און אויסגעלאָשענע אויגן. מאַשינען רוישן, טראָגן זיך איבער די גאַסן מיט ווילדן אימפּעט.

עמיצער רופט זיין נאָמען.

ער וואונדערט זיך, קוקט זיך ארום. אויף דער אנדער זייט גאַס שטייט אַ מאַן און רופט אים. באלד באוויַיזט זיך אַ שמייכל אויף זיין געזיכט און ער דריקט יענעמס האַנט.

„צום טייוול, פרענק! וואָס איז געוואָרן מיט דיר, און ווי קומסטו אהער?"

פרענק ענטפערט ניט, שטייט אַ ווײַלע שוויַיגנדיג.

„דערזעלבער באב! אַ סך מאָל געטראַכט פון דיר, זיך גע־וואונדערט צי מיר וועלן זיך אַמאָל טרעפן".

באב לאַכט.

„דו מוזט זיין רייך פרענק. ווי בלאַס דו ביזט, און וואָס, צום טייוול, האָסטו אנגעטאָן אַזאַ גרויסן דימענט אויף דיין האַנט? עס שרייַט אראָפּ פון דיר און מאַכט דיך נאָך בלייכער. אַך פרענק, פרענק ניט געטראַכט דיך אַזוי צו טרעפן. וואָס האָט פּאַסירט?"

פרענק טראַכט: „דיר איז גוט, באב, דו האָסט קיין אנדער זאַך ניט. אַ מזל אַזאַ! און איך בין מיט אַן אנדער מזל".

„דו געדענקסט, ווען מיר האָבן ביידע געאַרבעט אין די פעל־דער, דערנאָך געוואַנדערט דורך די ברייטע פעלדער פון טעקסעס? אַ גליק געוועז, אַ האַרציג לאַכן! אַלעס ענדיגט זיך, באב. דער פאָטער איז געשטאָרבן און איך האָב געמוזט זיך אומקערן איבערנעמען די געשעפטן. אַזוי ווערט מען אַרייַנגעצויגן און פארפאַלן! שוין גע־הייראַט און מען זינקט טיפער... געשעפטן, געזעלשאַפט, מאַשינען; אַזוי אין שטענדיגן פּלאָנטער".

באב שמייכלט טרויעריג: „אָרימער פרענק!"

„דו מוזט קומען, באָב. איך בין אַזוי עלנד צווישן אַזוי פיל מענטשן! דו מוזט!

ער נעמט זיין אַדרעס. וואַרט ביז יענער פאַרשווינדט אין זיין אויטאָמאָביל און שמייכלט טרויעריג: „אַרימער פרענק!"

---

פאַרנאַכט. עס צינדן זיך פייערן. די זון איז מער ניטאָ. דער הימל ווערט גרויער און גרויער. בען זוכט אַ חדר אין די הינטער־שטע גאַסן פון שטאָט. אַלטע, גרויע הייזער, האַלב פינסטערע.

ער קלאַפּט אין טיר. זי עפנט זיך פּאַמעלאַך. די שאָטנס לויפן אים אַנטקעגן, אַ הייזעריגלאַכע שטים פרעגט וואָס ער וויל, פירט אים אַריין אין חדר, ער באַצאָלט און בלייבט זיצן אויפן בעט און קוקט אין דער פינסטערניש.

ער עפנט דעם פענסטער. אַ קאַלטער ווינט רייסט זיך אַריין, טאַנצט אַרום אין חדר און זינגט פון אומעט.

אַרומגעוואַשן, זיך אָפּגעגאָלט און דרייט זיך אַרום אין די פינסטערע אַלייען. טונקעלע געשטאַלטן שאַרן זיך און פאַרשווינדן. ער שטייט ביי דער הויז, רויכערט און קוקט אין דער פינסטערניש. עמיצער קומט, און פון די שאָטנס באַווייזט זיך אַ מיידל, קומט צו דער טיר, בלייבט שטיין און שמייכלט:

„דו ווילסט גיין, האָ?"

ער נעמט איר האַנט. זי שווייגט. אַ קליינע, ווייכע הענטל; אַ שלאַנקער צאַרטער קערפּער. זי רוקט זיך צו נאָענט צו אים. עס ברענען אַ פּאָר פייערדיגע אויגן... ער נעמט איר אַריין אין זיינע גרויסע אָרימס. זי דריקט איר וואַרימען קערפּער צו אים:

„ווי שטאַרק דו ביזט, פרעמדער!"

ער שמייכלט:

„אַ שאָד, וואָס איך האָב קיין געלט ניט, מיידל. דיין לייב איז הייס און פיבערדיג. אַ גוטע ווייב וואָלסטו געמאַכט. וואָס טרייבט דיך אין די גאַסן, קינד? דו וועסט דאָך צו גיך פאַרוועלקן..."

זי רייסט זיך ארויס פון זיינע הענט: „איך דאַרף ניט דיין געלט! איך בין ניט איינע פון יענע... מיין בלוט וויינט אין מיר. בין איך געקומען צו דיר. איך האָב דיך פאַרנאַכט געזען. די זון האָט דיך באַגלייט אַהער. דו ביזט גרויס און שטאַרק, בין איך דיר נאָכגעלאָפן, געוואָלט זעטיגן מיין לייב. איצט איז פינסטער און ער איז ניטאָ. אַלט איז ער און זיין לייב איז קאַלט און עקלדיג. איך האָב אים ניט געוואָלט, נאָר דער טאַטע האָט געשלאָגן און איך האָב מורא געהאַט... אַזוי האָט ער מיין מאַמען אויך דער־הרג׳עט... שטענדיג שיכור׳ט מיט דעם שרעקליכן גערוך פון זיין מויל... אַלץ איינס — האָב איך געטראַכט — דאָס לעבן איז מער ניט ווי אַביסל שמוץ, איז וואָס איז דער אונטערשייד וואו מען וואַלגערט זיך?... קום! היינט וועט ער אַהיים ניט קומען. אַ ווייסע בעט איז דאָ, און דו ביזט אַזוי שטאַרק... איך וועל מיין קאָפּ באַהאַלטן ביי דיר אויפן ברוסט. מיין לייב איז ווייס און ריין... קום!“ זי נעמט זיין האַנט, און ער גייט איר שווייגנדיג נאָך, נאָר די הערצער קלאַפּן, קלאַפּן...

„רוף מיך רוט“, מורמלט זי, „און האָב מיך ליב!“

איר שטים ציטערט פון אויפרעגונג. עס ציטערט די נאַכט אַרום זיי און זיי פאַרשווינדן אין די שאָטנס.

פאַרטאָג איז ער שוין אין גאַס. אַ מידע וואַרימקייט פליסט אין קערפּער און דער ווינט גליטשט זיך דורך די האָר. אים דאַכט זיך, אַז אירע פינגער פּלאָנטערן זיך דאָרטן און איר הייסער אָטעם ברענט זיין געזיכט.

„אַ טייער מיידל“, טראַכט ער. „מיט אַזעלכע רונדע גלידער, אַזאַ ברענענדיג לייב... אַ שאָד, וואָס ער וועט ניט זיין דאָ לאַנג“.

דער האַרבסט־אומעט, וואָס פאַרשפּרייט זיך צווישן הימל און ערד, ברענגט אים אויפן געדאַנקן וועגן וועג.

ערגעץ שיינט און וואַרימט די זון, און די ביימער און בלומען בליען. ער וועט זיצן ביים טייכל, כאַפּן פיש און אָטעמען שטיל־

קייט... אָדער ליגן אויפן בערגל און טרוימען פון ניט־געבאָרענע וועלטן...

יאָ, אינגיכן וועט ער פאַרלאָזן די שטאָט און די גרויע ווענט. אַ שאָד, אַ טייער מיידל! רונדע גלידער און אַ וואַרים לייב...

---

דעם זעלבן אָוונט איז באַב געגאַנגען באַזוכן פרענק׳ן. דער וועג האָט זיך געצויגן ביים האַדסאָן. אַ קאַלטער ווינט האָט זיך געטראָגן פון טייך און געשפּרייט געלע, פאַרדאַרטע בלעטער אין דער לופטן. ווייסע זעגל־שיפן האָבן געוואונקן פון דער ווייטן. פייערלאַך האָבן אויפגעשיינט און זיינען געוואָרן פאַרלאָשן. דער הימל איז געהאַנגען שווער און וואָלקנדיג.

אַ גרויסע הויז אין גאָרטן, איינגעטונקט אין עלעקטריש ליכט; טיפע שאָטנס לויערן פון די ווינקלען.

ער קלינגט אָן. אַ דינער ווייזט זיך ביים טיר, קוקט פרעגנדיג אויף זיין הויכער פיגור און ביליגע קליידער... פירט אים אריין אין וואַרט־צימער און פאַרשווינדט.

באַב פילט זיך מאָדנע אומעטיג. גרויסע צימערן, רייך דעקאָרירט, טייערע מעבל — נאָר עס איז קאַלט און אומהיימלאַך. צו וואָס, טראַכט ער, באַדאַרף מען דאָס אַלץ? עס מוז זיין אומעטיג דאָ צו לעבן. אַך, אָרימער פרענק! אָרימער פריינט!

אַ גאַנצן אָוונט האָט באַב ווייניג גערעדט. עס האָט אים געדריקט אַ פּיינלאַך שווייגן. אַ סך געסט זיינען דאָרט געווען דעם אָוונט; די צימערן זיינען געווען צו העל באַלויכטן, און די שאָטנס אין די ווינקלען האָבן זיך געדריכטער צונויפגעשפּאַרט. אַלע האָבן גערעדט אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די ווענט מורמלען אַראָפּ. אַז באַב פלעגט עפּעס זאָגן, פלעגט זיין פולע ברוסט מאַכן ציטערן די לופט און אַלע פלעגן מאָדנע קוקן אויף אים. באַב האָט זיך געוואונדערט, צי זיי זיינען ניט קיין שאָטנס.

דער גאַנצער אָוונט איז געווען אין אַ פרעמדער וועלט. עס איז געווען גוט נאָך אַ מאָל צו פילן די קאַלטע לופט, נאָך אַ מאָל זען דעם שוואַר־פאַרוואָלקנטן הימל, און מאָדנע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין קאָפּ.

פרענק האָט אים געבעטן, ער זאָל אינגיכן נאָכאַמאָל קומען און באַב האָט אים פאַרשפּראָכן. זיין פרוי, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט בלויע אויגן, האָט זייער וואַרים געשמייכלט צו אים: נו, געווויס וועט ער קומען! ער דערמאָנט זיך אָן עפּעס, עס ווערט אים קאַלט און זיין קערפּער גיט אַ ציטער.

אַ מאָדנע מיידל, גאָרניט ווי פרענק. קיינמאָל וואָלט ער ניט געטראַכט, אַז דאָס איז פרענק׳ס אַ שוועסטער. שלאַנק און בויגיג, דאָס געזיכט אַ לאַנגליך מיט שאַרפע שטריכן. און גאָט, וואָס פאַר אַ אויגן! טונקל בלויע, וואָס בייטן זיך שנעל. אָט שמייכלען זיי, אָט ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין נאַכט־פייערן, וואָס שיינען אַזוי געהיימניספול...

זי האָט געקוקט אויף אים מיט איין ווינקל פון איר אויג, און איר ברוסט האָט זיך שטאַרק געהויבן. ווי גיך אירע פינגער האָבן זיך באַוועגט איבער די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ. און איר שטים האָט נאָך אומעטיגער געמאַכט. אָפּגעריסענע טענער האָבן געציטערט אין דער לופט און זיך געריסן ערגעץ ווייט...

ערגעץ איז זומער. עס בליען די בלומען. דאָ איז קאַלט און אומעטיג. נאָר רוט האָט רונדע גלידער און אַ ברענענדיג לייב...

ער וועט אינגיכן פאַרלאָזן די שטאָט, פעלד און וואַלד, דורך געדרייטע וועגן — זיי פירן צו באַפרייאונג...

אַ גאַנצע נאַכט קען באַב ניט שלאָפן. ליגט ער אין זיין בעטל, קוקט אין דער פינסטערניש און טראַכט: טונקל בלויע אויגן, אַ צאַרטער קערפּער, שלאַנק און בויגיג.

ער שפּרייט אויס זיינע אָרימס, דריקט די פינסטערניש צו זיך. די לופט ווערט דין און שמעקעדיג און אַ צאַרט ווינט טראָגט זיך אין חדר. ניט־ווילנדיג מורמלען זיינע ליפּן: „פלאָרענס!“

ער גיט אַ ציטער... אַך, צום טײוול! מער ניט ווי אַ שאָטן... ער דערמאָנט זיך אָן רוט׳ן. אַ פײנע מײדל, אַ שאָד וואָס איר אַלטער איז איצט אין דער הײם. אַ פּלאָג צו אים! וואָלט ער זי שטאַרק געדריקט צו זיך... הײס, קאָכיק בלוט, רונדע גלידער... אַלע שאָטנס וואָלטן פאַרשוואונדן און זײנע שטאַרקע הענט וואָלטן געציטערט... נאָר איצט טאַנצן די שאָטנס אַרום אים, און אין מיטן — פּלאָרענס. אירע פינגער אויף דער פּיאַנאָ, איר שטים ציטערדיק־שטיל. אַך, צום טײוול! גרינע פעלדער, װײטע װעגן און פרײהײט.

רעגנדיקע, נעבלדיקע טעג ציען זיך מאָנאָטאָן. גאַנצע טעג שלעפּט זיך באָב אַרום ציל־לאָז איבער די גאַסן. שטונדן־לאַנג שטײט ער בײם װאַסער און קוקט אויף די שיפן, װאָס קומען און פאַרשווינדן. ניט ווײט שטײט אַ הויז מיט אַ גרויסן גאָרטן און אַלע וועגן פירן אַהין. דערזעט ער די הויז, אײלט ער זיך שנעל אַוועק, און דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי אומרואיק.

געלע בלעטער אומעטום. ווײסע זעגל טונקן זיך אין בלויקײט. דער קערפּער ווערט פיבערדיק. אַ מאָדנע, מאָדנע מײדל.

דער אַלטער איז אַוועקגעפאָרן. רוט וואַרט אויף אים. ניטאָ קײן פיבערדיק אײלן זיך. אומעטיג איז באָב׳ן, אַזוי אומעטיג, אַז עס גלוסט זיך אים װײנען. נאָך קײנמאָל האָט ער ניט געפילט אַזוי. ער מוז געווים זײן קראַנק. מאָרגן גײט ער זען פלאָרענק׳ן, פּיליײכט זיך געזעגענען. פלינקע פינגער באַוועגן זיך אויף דער פּיאַנאָ... טענער און קלאַנגען ציטערן, פלעכטן זיך אַרום אים... פּיליײכט וועט זי אַ קוק טאָן מיט אירע גרויסע אויגן און צו אים שמײכלען... ער בלײבט שטײן, פאַרמאַכט די אויגן.

דער פײער האָט זיך אויסגעװעפּט. מ׳יד איז ער, מיט אַ שרעקליכער פּוסטקײט אין האַרצן. רוט האַלט אירע הענט אַרום זײן קערפּער און שלאָפט ניט. און די שטילקײט אַרום זײ וועבט זיך און שרײט מיט טויזנטע שטימען.

„אך, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דיין אַלטער קומט אריין און טרעפט אונז אַזוי?“

זי לאַכט:

„זאָל ער קומען! זאָל דער טייוול אים אַ כאַפּ טאָן! אַמאָל וואָלט איך מורא געהאַט, ניט היינט. איך בין שוין ניט קיין קינד. מיין קערפּער איז שטאַרק און איך וואָלט אים מיט איין האַנט געקענט דערווערגן“.

זי לאַכט:

„אַז ער וועט קומען, פאַרלאָז זיך אויף מיר! איך ווייס שוין ווי מיט אים צו האַנדלען!“

זי דריקט אים פעסט צו זיך, און ער פילט, ווי אירע הענט ציטערן פיבעריש.

„דו וועסט שטענדיג זיין מיט מיר, באַב, דו מוזט! מיין גאַנץ לעבן ביז איצט איז געווען פינסטער. די מאַמע איז יונג געשטאָרבן און דער טאַטע האָט שטענדיג געטרונקען. ענגע, שמוציגע צימערן, נאַסע ווענט. און איך האָב אַלץ געטראַכט, אַז עמיצער וועט קומען און מיך אַוועקנעמען. יונג און שטאַרק בין איך געווען. און די בלוט איז אימער קאָכיג... נעכט ניט געשלאָפן, געוואַרט, אַז עמי־צער זאָל קומען און רייסן מיין נאַקעטן קערפּער. קיינער איז אָבער ניט געקומען. און מיינע ברוסטן זיינען געוואָרן פולער, פלעג איך זיי אַליין דריקן... דריקן...

„דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איך מוז דעם אַלטן נעמען און איך האָב זיך פאַר אים אַזוי געשראָקן... האַרטע פויסטן האָט ער געהאַט. אַך, פלעגט ער שלאָגן! דער־הרג׳ענען די מאַמען! גוט, וואָס ער איז געשטאָרבן. כאָטש מיין טאַטע — אַ הינטישן לעבן האָט ער געפירט, און געשטאָרבן, ווי — ביי זיין קבר קיינמאָל ניט געווען. די ערד מוז דאָרט שוואַרץ זיין.

„איך געדענק די ערשטע נאַכט. דאָ, אין דער זעלבער בעט. ווי אַ הונט אַן ציינער אַזוי האָט דער אַלטער זיך געוואָרפן אויף

מיין קערפּער. זיינע הענט האָבן געציטערט, און זיין מויל האָט זיך אַזוי נאַריש פאַרקרימט... דאָך האָט מיין בלוט געברענט. ער איז דאָך געווען אַ מאַן... נאָכדעם איז ער געלעגן מאַכטלאָז, ווי אַ פּגר... און אַז איך האָב באַרירט זיין לייב איז מיר געוואָרן קאַלט ווי דער טויט וואָלט מיך באַרירט...״

זי בלייבט שטיל, דריקט זיך צו, און באַב טראַכט גאָט ווייסט וועגן וואָס.

אויף מאָרגן איז באַב געגאַנגען צו פרענקין און אים ניט גע־טראָפן. פלאָרענס איז געווען אַליין אין הויז. זי האָט אים קאַלט באַגריסט, אים געבעטן זיצן און אַליין איז זי געבליבן שטיין ביים פענסטער און געקוקט אין דרויסן.

באַב איז געזעסן און מורא געהאַט זיך רירן. קיינמאָל האָט ער אַזוי ניט געפילט. אַ מאָדנע ציטערניש פון האַרצן, אַזאַ גרויסע בענקעניש... וואָס איז מיט אים? דער ווינט רייסט זיך אין דרויסן, שרייט אין דער נאַכט אַריין, און דאָס האַרץ נאָגט... נאָגט...

זי קערט זיך אַוועק פון פענסטער. האַרבסט. דאָס ליכט פון אירע אויגן פאַרלעשט זיך און שוואַרצע אָפּגרונטן שפּרייטן זיך אויס. איר שטייפע ברוסט גיט אַ ציטער און זי פאַרמאַכט האַלב די אויגן.

און באַב זיצט הילפלאָז. אַזוי פיל האָט ער צו זאָגן, נאָר עס שטיקט אים אין האַלז. גאָט! אומעטיג איז אים דאָ און ער איז אַזוי הילפלאָז!

עס קלינגט ביים טיר. זי שפּרינגט אויף. פייערלאָך צינדן זיך אין די אויגן, פיבערדיג גליען די באַקן. ער קומט אַריין הויך און שלאַנק, אַ ווייכע שטים און ווייסע הענט. זי וויל עפּעס זאָגן, און קוקט צופרידן אויף באַבן. עס שטעכט אין גאַנצן קערפּער, מיד און פאַרגליווערט זיינען די פיס — ער מוז גיין.

ער זאָגט עפּעס שטיל. זי שמייכלט... צוריק דורך דעם גאָרטן. די גאַנצע וועלט מיט אומעט רייסט זיך אין האַרצן. ווייסע שוים

קאַכט אין וואַסער. ער בלייבט שטיין אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטיין אין לאָזט דעם ווינט זיך רייסן דורך זיינע קליידער. אַלץ איינס, אַלץ איינס! וואָלט ער ניט געווען געבאָרן וואָרן!... זיין קאָפּ פאַלט אַלץ נידעריגער און פון די באַקן פאַלן די טרערן אַראָפּ צו דער שוואַרצער ערד.

אין זיין חדר אַליין. אַ פאַרגליווערטע פינסטערניש. ווי אַ שאָטן ליגט ער צוזאַמענגעדרייט אויפן בעטל. דער ווינט רייסט זיך דורך דעם אָפענעם פענסטער און באַהאַלט זיך אין די ווינקלען.

באַב'ן דאַכט זיך, אַז דער ווינט לאַכט און מאַכט שפּאַס פון זיין הילפלאָזיקייט. ער דריקט צוזאַמען די פויסטן; דערנאָך בלייבט ער ליגן הילפלאָז.

איצט וועט דער אומעט אים באַגלייטן אומעטום, אויף די איינזאַמע וועגן וועט ער מער ניט זינגען זיין ליד. זיין לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן און איצט וועט זיין אַזוי מאָנאָטאָן צו לעבן. וואוהין זאָל ער גיין? אַלע וועגן זיינען שמאָלע און קורץ זיינען זיי. און אַלע וועגן פירן צום זעלבן וועג — צו אונטערגאַנג.

דרייסיג זומערן געלעבט. צו וואָס? די מוסקולן פון שטאָל האָבן אַלע אַרבעטן געטאָן: הייזער געבויט, וועלדער געהאַקט, רעלסן געלעגט, און צו וואָס דאָס אַלץ? ווען האָט דאָס גליק געבראַכט? אים ניט! אַ לאַנגן וועג, אַ שטיינערדיגן, איז ער געגאַנגען; אויסגעלייענט און אויסגעזויגן די שטויב פון דיקע ביי־מער. און וואָס פאַר אַ נוצן האָט עס אים געבראַכט? וואו איז דער אָנפאַנג? און וואו איז דער סוף? וואָס פאַר אַ זין האָט דער גאַנצער שפּיל?

דער ווינט טאַנצט אַרום אים און לאַכט: וויין, דו נאַר, וויין! מיליאָנען פאַר דיר און מיליאָנען נאָך דיר וועלן זייער אומעט אויס־וויינען אין דער נאַכט.

באַב האָלט צו דאָס האַרץ. דאָרטן וויינט זיין בענקשאַפט: „וואו איז דיין וויגעלע געשטאַנען? און וואו וועט דיין קבר זיין?

און דער ווינט לאַכט, אַ פאַרוואַגלטער קלאַנג בלאַנדזשעט אַרום, ביז דו וועסט זיך אויסוועפּן און פאַרגיין און וועסט מער ניט זיין".

וואוהין וועט דיין וועג פירן? אומעטום! דו וועסט זוכן און דיין אייגענעם שאָטן געפינען. ווייל די וועלט איז קליין און איז פאַרבאָרגן טיף אין דיין נשמה. און וואו דו וועסט ניט זיין, וועסטו פון זיך ניט אַנטלויפן.

באב פאַרמאַכט די אויגן, די טרערן גליטשן זיך אַרונטער פון די באַקן און פון די ווינקלען פון חדר הערט זיך אַ שטענדיג געמורמל: „דו נאַר! דו נאַר!"

ווי לאַנג און מאָנאָטאָן עס ציען זיך די טעג. יעדער טאָג אַן אייביקייט און יעדע נאַכט אַ וועלט מיט ליידן. די באַקן ווערן בלייכער און זיינע אויגן שיינען אַזוי שרעקליך פיבערדיג.

עס איז שפּעט אין אָוונט. רוט קוקט אומרואיג אויף באַב'ן. עס ציטערט אַ טרער אין אויג... זי האָט מורא ריידן. נידעריגער בויגט זי זיך איין צו אים, ביז איר ברוסט איז אַזוי נאָענט צו אים. נאָר ער זיצט אַ שווייגנדיגער און קוקט שטאַר אין דער לופט. זיינע הענט צוקן ניט. ניטאָ קיין פייער. זיינע אויגן ברענען אָבער פיבערדיג.

„וואָס איז מיט דיר, באַב?"

זי רעדט שטיל, בייסט די ליפּן און האַלט איין די טרערן.

ער שטרעקט אויס די האַנט, גלעט אירע האָר און רעדט ציטערדיג:

„עס וועט נאָך זיין גוט, קינד. עס וועט פאַריבער".

ער בלייבט זיצן שווייגנדיג און זי זעט, ווי אַ טרער רייסט זיך פון זיין אויג.

„אַ שאָטן האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין מיין פריידיגן וועג. און איצט ווייינען אין מיר טויזנטער יאָמערן".

ער רעדט האַלב וויינענדיג:

„וואוהין זאָל איך זיך ווענדן? איך ביז, רוט, אַליין, אַליין"...

רוט פאַרדעקט די אויגן און כליפּעט. איר קערפּער ציטערט. ווי זודיג בליי גיסן זיך די טרערן אין זיין האַרצן און מאַכן זיין ווייטיג גרעסער.

דעם רוקן איינגעבויגן, זיצט ער און קען זיך ניט רירן. זי נעמט זיין געזיכט און האַלט מיט בײדע הענט און מיט פאַרווײנטע אויגן קוקט זי אין זײנע. ער ווערט זיך ניט. דאָס האַרץ נאָגט און וויינען קען ער ניט.

„אַרימער באַב!"

זי באַדעקט זיין געזיכט מיט קושן. איר קערפּער ציטערט. זײנע הענט אַרום איר, זיצן זיי בײדע צוזאַמען, ווי הילפלאָזע קינדער, און די נאַכט ווײנט אַרום זיי.

די גאַז צאַנקט. באַלד וועט אַרום זיי ווערן פינסטער. הימל און ערד וועלן זינגען דאָס ליד פון אונטערגאַנג, אונטערגאַנג..

„זאָג, אַז דו וועסט מיך ניט פאַרלאָזן, באַב! וואָס וועט איצט ווערן פון מיין לעבן? אַ פרעמדע וועלט קלאַפּט ביי מיין טיר, און איך האָב אַזוי מורא... איך ווייס, אַז דו האָסט מיך מער ניט ליב, און פיליכט האָסטו קיינמאָל ניט געהערט צו מיר? ווי אַ צוויג בין איך דיר נאָכגעלאָפן, דיך געבעטן, אַז דו זאָלסט זעטיקן מיין קערפּער. נו, וואָס האָסטו געקענט דענקען פון מיר? מיין בלוט האָט געשריען, פייער האָט דאַרטן געגליט! און דו האָסט זיך צו מיר באַוויזן, האָט מיין קערפּער צו דיר געהערט; און אַז דײנע פינגער האָבן באַרירט מיין לייב, האָב איך געוואוסט, אַז יאָרן האָב איך געוואַרט אויף דיר; געהאַלטן ריין מיין קערפּער, געקליבן דעם פייער אויף דיר צו זעטיגן... רייס ניט איבער מיין לעבן! איך וועל שווייגן שטיל און זיך צוהערן צו דיר. איך וועל אין די שטילע שטונדן גאָט בעטן פאַר דיר, ער זאָל דיך אומקערן צוריק צו מיר".

זי בלייבט שטיל, נאָר דאָס האַרץ כליפּעט.

און ער ברעכט פאַרצווייפלט די הענט.

זי טוליעט זיך צו אים, רייסט די קליידער פון זיך, דריקט זיך צו אים. שטראָמען פייער טאַנצן אין זיין בלוט. רונדע גלידער, אַ ברענענדיג לייב. ניטאָ קיין אומעט — אַלע גיסט זיך צוזאַמען...

---

גאַנצע טעג רעגנט, גאַנצע טעג און נעכט דרייט ער זיך אַרום, ווי אַ הונט, ביי דער טיר, און גייט ניט אַריין.

ס׳ציען זיך די שטונדן. דער ווינט שרייט אַראָפּ פון די הימלען. עס איז קאַלט און קלעפּיג. ער וואַרט. דער קערפּער איינגעהויקערט, די ליפּן ציטערן, שוין פאַרלאָשן דאָס ליכט. ער גייט אַרום און אין קאָפּ שטעכן שפּיזן. די פיס וואַקלען זיך. מיד איז ער און קיין רו איז ניטאָ. אַלע שלאָפן. די אַרבעט איז פאַריבער, מאָרגן איז אַ נייער טאָג, נאָר פאַר אים זיינען קיין טעג ניטאָ אַלע איינס! היינט, מאָרגן, אייביג, שטענדיג דאָס זעלבע. ער ליגט אויף די קני: איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד!

שטיל אַרום אים. שטיל! נאָר קיין רו איז ניטאָ, ניטאָ!

אַ קאַלטער אָוונט, אַ פאַרפראָרענער הימל, די לופט איז שטילבאַוועגלאָז.

באַב דרייט זיך ווי אַ שאָטן אַרום הויז. זיינע אויגן שיינען פיבערדיג. פּאַמעלאַך גייט ער דורך דעם גאָרטן. אַ ווייסער סוועטער נעמט אַרום שטייף איר ברוסט. ער האַלט איר אָרים. באַב דריקט די פויסטן צוזאַמען און קען זיך ניט רירן.

באַב שאַרט זיך נאָך מיט שטילע טריט ביים וואַסער, קוסטעס, גערדיכטע בוימער. ער שטייט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, פייער שיסט פון די אויגן.

אָט זעצן זיי זיך אַוועק. זיי רעדן שטיל. ער האַלט איר האַנט און שפּאַרט אָן איר קאָפּ אויף זיין אַקסל... באַב דריקט צוזאַמען די פויסטן. שטילע קושן. הענט פלעכטן זיך איינע אַרום די אַנדערע, איר ברוסט שטייף צוגעדריקט צו יענעם...

און באַב שטייט ווי אַן אַלטער הונט, און קען אפילו ניט בילן...

אַ נערוועזער לאַכן. די לופט ווערט אָנגעפילט מיט געדיכטע פּאַסן

רויך... גרוי פאַר די אויגן... נאָך איין קוק... יענער קנייפּט איר נאַקעט לייב... פינסטערניש, גרויסע פינסטערניש! פאַרוואָס איז אַזוי שטיל?

ער עפנט די אויגן, הויבט זיך אויף פון דער קאַלטער ערד, קוקט אַרום זיך, שטיל און ליידיג, קיינער ניטאָ. מיט שווערע טריט שלעפּט ער זיך צום פּלאַץ, וואו זי איז ניט לאַנג געזעסן. ער בלייבט שטיין. עס דאַכט זיך אים, אַז די לופט איז נאָך פול מיט דעם ריח פון איר פאַרפאָמירטן קערפּער. איר שאָטן זיצט און וואַרט אויף אים. די פיס ווערן מיד, ער זיצט אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו יענער איז געזעסן.

באַב שפּרייט אויס זיינע הענט. זיינע אָרימס בלייבן ליידיג. פּוסט אומעטום. אַ קאַלטער הימל, אַ קאַלטע ערד. דאָ איז ער געזעסן און יענער האָט מיט זיינע פינגער באַרירט איר לייב — אַלץ איינס, וואָס קען שוין העלפן? ער פילט זיך אַזוי אַלט און די יאָרן דריקן אים אַזוי שווער. ווען אַמאָל די באַפרייאונג קומען? שטיל אַרום אים, אַ קאַלטער הימל, אַ קאַלטע ערד!

קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. די גאַסן זיינען פאַרלאָזן. ער און זיין שאָטן וואַנדערן נאָך אַרום. עמיצער קומט אים אַנטקעגן. אַן אַלטע פרוי מיט ווייסע האָר, קוים וואָס זי שלעפּט די מידע פיס. „שענקט עפּעס!" — בעט זי זיך. ער שטייט און קוקט אויף איר.

„נעם! דאָס אַלץ וואָס איך האָב!"

זי קוקט אויף אים דערשראָקן און שאָקלט מיטן ווייסן קאָפּ.

„נעם, פריינד. שוין אַלץ סיי־ווי־סיי פאַרלאָרן! ער שלינגט די טרערן: „גאָט האָט מיך פאַרלאָזן, מאַמע, אַ גאַנצן לעבן גע־האַרעוועט. צו וואָס, מאַמע? ניטאָ קיין פרייד, ניטאָ!"

זי שאָקלט מיטן ווייסן קאָפּ און איבער אירע צעקנייטשטע באַקן קאַפּן טרערן.

ער שטופּט איר אַריין דאָס געלט און וואַרט ניט. מיט שנעלע טריט פאַרשווינדט אין דער פינסטערניש.

נאָך אַמאָל אין חדר אַריין. דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער קאַלטער שויב, קוקט ער אין דער איינזאַמער גאַס. שטיל און טויט אַרום אים, נאָר אין האַרצן וויינט דער אומעט. קאַלט שמייכלט דער הימל, די שטערן שווימען פּאַמעליך און גיסן אַראָפּ אַ קאַלטן שיין. וואָס קלאַגסטו, קליין נישטיג מענטשל? איך בין דאָך אַ וועלט פאַר זיך — שרייט אין אים אַ שטימע — מיינע ליידן זיינען אַזוי גרויס, ווייל איך בין קליין, ווייל איך פאַרשטיי אַליין ניט וואָס מיינע ליידן זיינען...

ער פאַרמאַכט די אויגן, נאָר אַ שטימע רעדט: נו, וואָס וואָלט געווען, ווען זי איז דיינע? ווען זי איז מיט דיר אַליין אין חדר, וואָלט איר לייב דיך מער געזעטיגט ווי רויט׳ס? זיינען אירע גלי־דער ווייכער, רונדיגער און איר לייב ברענענדיגער? טאָ וואָס גיסטו אויס דיין בענקעניש צום הימל? אַלץ איז בלוט און פליייש, אַלץ דאָס זעלבע!

ווער לאַכט דאָס אַזוי ציניש? ער פאַרשטעלט די אויערן. נאָר די שטימע רייסט זיך דורך: פליייש און בלוט! לייב און לייב! אַלץ דאָס זעלבע. דו האָסט געזען, ווי יענער האָט געפירט מיט זיינע פינגער איבער אירע ברוסטן? האָ! האָ!... פליייש און בלוט! אַלץ דאָס זעלבע!...

---

אַ שטילע נאַכט, אַ ווייסע בעט. רוט ביי זיין זייט. אָרימס פלעכטן זיך איינע אַרום די אַנדערע. פיבעריש ציטערן די קער־פּערס. ער פאַרמאַכט די אויגן — פלאַרענס ליגט לעבן אים, עס איז איר לייב... אַ טרער בלאַנדזשעט אַראָפּ פון אויג. רוט גלעט אים און רופט! דער אייביגער שפּיל. אַזוי איז עס געווען און אַזוי וועט עס זיין. פליייש און בלוט! און פון די ווינקלען אַ שטילער געלעכטער... אים אַרט ניט. שטייפער איינער צום אַנדערן. דאָס בלוט שרייט! בעסער אַזוי — ער וויל ניט הערן דאָס וויינען פון זיין האַרצן...

# וואַנדערער

איך בין מיד, דו ביזט מיד
זוכן מיר ביידע דעם האַפן פון רו,
קום, לאָמיר וואַנדערן צוזאַמען,
צום אייביגן האַפן צו.

און איך זאָג: פאַרשאָלטן איז דער מענטש, וואָס האָט צופיל! ווייל אַ מענטש, ווי אַ פויגל, מוז האָבן פרייהייט זיך צו באַוועגן. גליקלאַך איז אַ וואַנדערער, וואָס געפינט זיין היים אומעטום, וואָס קען וואַנדערן אַלע זיינע טעג ביז ער דערגרייכט דעם אייביגן האַפן.

אַ געדיכטער טומאַן האָט פאַראייניגט הימל און ערד. אַ געדיכטע קלעפּיגע מאַסע האָט זיך אָנגעהאַנגען אויף די ברעגן פון הימל, ביז עס האָט דערגרייכט די ערד. דער נעבל־אויסגעשריי פון די שיפן ביי די ברעגן, איז געווען דער איינציגער אויסגעשריי, וואָס האָט צושטערט די שטילקייט פון דער זומער־נאַכט. ווי ריזיגע נאַכט־פויגלען האָבן זיי גערופן צו דער שטילקייט.

נאָר די שטאָט איז מיד געווען. מיד פון לעבן און גערויש, און יעצט האָט זי גערוט.

וואָרים באַלד וועט די זון זיך צעברענען און די מענטשן וועלן, ווי מוראַשקעס, קריכן דורך אירע געדערים, און דאָס לעבן וועט קלאַפּן און איר ניט געבן קיין רו.

ווי אַ נאַכט־פויגל האָט זיך קלאַדקא געוויגט אין טומאַן. די ערשטע נאַכט וואָס ער איז געקומען קיין ניו יאָרק. יעצט אַריבערגעפאָרן מיט דער פערי פון דער דזשוירזי זייט.

„באַטערי פּאַרק" איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ ריזיגער שאָטן. און קלאַדקא האָט זיך ניט געאיילט.

קיינער וועט ניט וואַרטן פאַר אים: ער קען בלאָנדזשען איבער די גאַסן, וויפיל ער וויל. קיינער וועט זיך ניט אַרומקוקן אויף אים.

און עס איז בעסער אַזוי! ער וויל זיין אַ פרעמדער אין אַ פרעמדער שטאָט, פריי קענען באַוועגן מיט זיינע פליגלען. און אויב פליגלען זיינען ניטאָ, איז כאָטש קענען קריכן, ווי אַ וואָרים, אַבי זיך פריי באַוועגן אונטערן הימל.

קלאַדקאָ האָט זיין היים פאַרלאָזן, אַ היים מיט בלומען, אַ קינד מיט בלויע אויגן, מיט רויטע ליפּעלאַך, וועלכע האָבן אַריינגעשמייכלט אין זיין האַרצן. און קיינמאָל נאָך האָט זיין האַרץ אַזוי ניט געוויינט ווי דעם אָוונט, ווען ער איז געשטאַנען ביי זיין בעטל און אים צום לעצטן מאָל אָנגעקוקט; און ווען זיין האַנט האָט באַרירט זיין קליינעם קערפּערל, האָט אַ טיפער ווייטיג געשניטן זיין האַרץ.

אָוועק האָט ער אָבער געמוזט! ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג. ווייל צו־זאָט איז ער געוואָרן און די זאַטקייט האָט זיך צוגאָסן אין זיין בלוט און האָט גיפט געשיקט צו זיין האַרצן!

ווייל זיין נשמה האָט געבענקט נאָך פרייהייט, און זיינע מוסקלען האָבן געבענקט נאָך אַרבעט! און אין זיין האַרצן האָט זיך געמערט דער גרויסער פאַרלאַנג פאַר פרייהייט! און אָוועק האָט ער געמוזט, ווייל זיין נשמה האָט אָנגעהויבן וועלקן און ער איז געוואָרן אַ פוסטער בוים...

פאַסירט האָט עס אַזוי:

די שיף איז געשוואומען קיין באַרמיודאַ. סימיע איז געווען איינע פון די פּאַסאַזשירן, וועלכע איז געפאָרן זוכן פרייד ביי אַן אַנדער ברעג.

קלאַדקאָ האָט געאַרבעט ביי די גרויסע קעסלען, וועלכע האָבן פלאַמען געשלונגען, איינגעוויקלט אין די שטויב פון די קוילן. די שוויים צוגעקלעפּט צום לייב, האָט זיין קערפּער געזונגען מיט דער קראַפט וואָס איז געווען אין אים, און דורך אַ צופאַל האָבן זיי זיך באַגעגנט.

ווייסע לייב מיט ווייכע הענט, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין אַרבעט ניט געטאָן, און אַ פֿאַרברוינטער קערפּער פון האַרטע מוסקלען האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן.

און די לבנה האָט געשיינט. און דער טראָפּישער הימל האָט גערופֿן, און די רייכע טאָכטער, געהאָדעוועט אויף קאַפּריזן, און דער זון פון שווערער אַרבעט מיט דער רויער קראַפֿט אין זיין קערפּער, האָבן זיך געטראָפֿן אונטער דעם פרייען הימל. און די וואַסער האָט געזונגען צו זייער בלוט, און אַזוי איז עס געשען.

די טעג זיינען אַוועק און פון די טעג זיינען יאָרן געוואָרן. צו ערשט האָט קלאָדקאַ געפּילט אַ זיסע מידקייט, און דערנאָך איז ער געוואָרן מעלאַנכאָליש.

עס איז געווען אַ שטילע בענקעניש, וועלכע האָט זיך צעגאָסן אין זיין בלוט. גאַנצע טעג אָן אַרבעט; ביינאַכט זיך פֿאַרפּוצט און געשפּילט די ראָליע פון דעם געהויבענעם הער. אַמאָל פלעגט ער אַנטלויפֿן אויף אַ פּאָר טעג אין דער הילצערנער קאַבין (הויז), וועלכע איז געווען אין וואַלד, אַרומגערינגלט מיט הויכע ביימער. אַנדערע צייטן פלעגן זיי באַנוצן די הויז פֿאַר ליבעס פֿאַרלאַך, וועלכע פלעגן וועלן פֿאַרגעסן די וועלט און געניסן אומגעשטערט.

סימיע איז געווען פֿאַרנומען מיט טויזנטער זאַכן און פלעגט אים לאָזן אַליין.

און ער פלעגט בלאָנדזשען איבער די גרויסע צימערן און די אומרואיקייט איז אין אים געוואַקסן. מיט האַלב־אָפּענע אויגן אין דער זונען־ליכט האָבן טרוימען אים געמאַטערט.

אַמאָל שיפֿן, וועלכע שניידן דורכן וואַסער, אַמאָל אַ פֿאַרלאָזן וועג מיט אַ פּעקל אויף דער פּלייצע און מיט אַ גרויסער פרייד אין האַרצן.

איצט ווייִנט די האַרץ. ווי אַ פויגל קלאַפּט ער מיט די פליג־לען. און אומעטום איז פֿאַרשטעלט. האַרטע ווענט שטערן זיין וועג און אַזוי וועט ער ענדיגן זיינע טעג. אַ גאָלדן שטייג איז אַלץ אַ שטייג און דער ווייטיג איז דערזעלבער.

סימיע איז געווען צאַרט ווי אַ שמעטערלינג. קלאַדקאַ, כאָטש זיין קערפּער איז שיין, ווייך געוואָרן, איז געווען ווי אַ דעמב קעגן איר. זי איז געווען ווי אַ קינד, וועלכע ווייס נאָר די פרייד פון דער וועלט, און יעדע זאַך אין לעבן איז מער ניט באַשאַפן, ווי פאַר שפּילצייג פאַר איר.

קלאַדקאַ איז געווען אַ שפּילצייג. זי האָט ליב געהאַט זיין קראַפט. ער האָט איר גענומען מיט שטורם! זי אַליין איז געווען צופיל פאַרנומען מיט אירע קינדערשע זאָרגן צו באַמערקן, אַז ער איז אומרואיג.

עס איז געווען די זיכערקייט פון באַזיצער, וועלכע פרעגט ניט, נאָר באַשטימט, אַז אַזוי איז דאָס און עס קען אַנדערש ניט זיין! און וואָרום טאַקע ניט?

האָט זי אים ניט באַפרייט פון זיין אַרבעט, באַפרייט פון די קייטן דעם ריז און אים געבראַכט צו דעם לאַנד פון אייביגן פרייד?

און אַ קינד איז געבאָרן. אַ מאָדנער געפיל האָט אַרומגעכאַפּט קלאַדקאַ'ן: פליייש פון זיין פליייש. איז אַ וועלט געוואָרן און עס וועט וואַקסן און בויען זיין וועלט. און ער, קלאַדקאַ, וועט וועלקן און אויסצאַנקען ווי אַ ליכט?

און סימיע האָט אַ נייע שפּילצייג געפונען און פאַרגעסן אַן דעם ריז, וועלכע רייסט זיך צו באַפרייאונג.

און נאָך אַ יאָר איז אַוועק. אַ אומעטיגער יאָר, מיט שלאָפ־לאָזע נעכט און מיט אַ בענקשאַפט, וועלכע האָבן זיינע מוסקלען געמאַכט ציטערן!

פלאָרידאַ, וואו זיי האָבן זייער היים געמאַכט, מיט דעם טראָפּישן הימל, מיט די פּאַלמען און די לײדנשאַפט פון די פרילינגס־נעכט. האָבן די פלאַמען געצונדן זיין בלוט! אַוועק וועט ער מוזן!

און געוואַרט האָט ער אויף דעם טאָג, ווען ער וועט זיין אומרו מער ניט קענען צאַמען. און דאַן וועט ער אויף אייביג אַוועק, ווייל

געוואוסט האט ער, אז איינמאל באפרייט וועט ער זיין, ווי דער ווינט, וועלכער האט קיינמאל מער ניט קיין רו...

---

א גרויע הויז און אויפן טיר מיט גרויסע ווערטער „סאלוויישאן ארמי". אויף א טאבעלע שיינען די ווייסע ווערטער מיט דעם אנזאג פון גאט׳ס ווארט: „גאט איז ליבע" און דערנאך: „אלע וואס זיינען עלנט, קומט אין מיינע ארימס און געפינט טרייסט!"

אויבן רעש׳ט דער עלעווייטאר, שרייט מיט מענטשלאכע חוצפה, קלאפט זיין ליד אין שטאל און אייזן. אונטן שארן זיך שאטנס. מידע פיס ציען זיך צו גאטס הויז, צו שטילן זייער הונ־גער מיט שווארצע קאפע און הארטע ברויט און הערן ווערטער פון טרייסט.

אכט אזייגער. די האל איז געפאקט. שרייט דער הונגער פון יעדנס געזיכט. וויינען די געדערים צום הימל. נאר צייט איז נאך דא. צום ערשטן וועט ריידן א קיילעכדיג מענטשל, מיט לאכנדיגע אויגן. ער וועט דערציילן, ווי גאט האט אים געהאלפן, ווייל ער האט אין אים געגלויבט. יעצט האט ער פאבריקן. ווי אויסגעמוטשעטע שקלאפן ארבעטן פאר א הונגער לוין, ווייל גאט האט אזוי געוואלט! ווייל גאט איז גוט און העלפט יעדן איינעם, וועלכער קומט צו אים. און זיינע לאכעדיג׳ע אויגן גלאנצן צום הימל.

דערנאך קומט ארויף דער פרעדיגער. אן עלטערער מאן מיט א באסאווער שטים. ...

„אלע די וואס זיינען זינדיג, זאלן אהער קומען! מיר וועלן גאט בעטן פאר אים!"

א האלב־באזויפענער הויבט זיך אויף און גייט צו צום פלאט־פארם, וואקלט זיך הין און צוריק. דערנאך שטייט ער מיט פאר־מאכטע אויגן און די טרערן רינען איבער זיינע באקן.

אַלע בעטן גאָט, ער זאָל שטילן זייער הונגער, ער זאָל זיי שוין געבן די שוואַרצע ברויט. זאָל ער שוין ווייזן זייז באַרימהאַרציקייט!

קלאַדקאַ וויל ניט עסן. ער איז זאַט! ער האָט נאָך געלט אין טאַש. ער קען זיין הונגער שטילן — נאָר זיין הונגער איז אַן אַנדערער. קליינע הענטלאַך ציען זיך פון דער ווייטן, שמייכלען אין זיין האַרצן. ער האָט ניט געוואוסט, אַז עס וועט אַזוי שווער זיין! גאָט, ער מוז פאַרגעסן! ער קען זיך צו אַזאַ לעבן צוריק ניט אומקערן.

פריער האָט ער איר שוין באַמערקט. אַן אויסערגעוויינלאַכע בלייכקייט אין אירע אויגן. אָט האָט ער אַמאָל געזען אַ בילד פון דער „מאַדאָנאַ" מיט אַזאַ אומעטיגן געזיכט. אירע הענט באַוועגן זיך שנעל. יעדער קריגט זיין ברויט און קאָפּע. פאַר יעדן איינעם איז דאָ אַ שמייכל. ער וואונדערט זיך, ווי אַזוי זי האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהין. פאַרטיג געוואָרן, באַמערקט זי קלאַדקאָ'ן שטיין אין אַ ווינקל און גייט צו צו אים.

„וואָרום שטייסטו, ברודער, אין אַ ווינקל? שעמסט זיך צו נעמען דיין ברויט?"

„ניין", לאַכט קלאַדקאַ. „איך בין ניט הונגעריג. גיב עס אַוועק אימיצן אַנדערש".

„דו ביזט אַ פרעמדער דאָ, ברודער?"

ער שווייגט אַ מאָמענט.

„נעכטן פאַרטאָג געקומען, ווען דער טומאַן האָט פאַרדעקט די ערד".

„האָסטו שוין אַ צימער? אויב ניט, קענסטו דערווייל דאָ דיין היים מאַכן. גאָט האַלט זיינע טויערן אָפן פאַר אַלע וואַנדערער!"

„און וויפיל וועל איך דאַרפן גאָט בעטן דערפאַר?" רעדט קלאַדקאַ סאַרקאַסטיש. אירע ליפּן גיבן אַ ציטער.

„רייד ניט אזוי, ברודער!" אירע אויגן צאַנקען אויף און דער־נאָך ווידער דיזעלבע ווייכקייט, דערזעלבער שמייכל.

„וואָס וועסטו טאָן, פרעמדער? עס איז אַ שווער לעבן דאָ אין שטאָט. זיי דאָ און מיר וועלן פאַר דיר אַרבעט געפינען!..."

„זאָרג זיך ניט, באַרמהערציגע! אַרבעט וועל איך שוין אַליין געפינען. איך וויל ניט אייערע נאַגאַדן און אייער זיך אָננעמען די קריוודע פון גאָט!"

אירע ברעמען ציטערן. דאַכט זיך, אַ טרער האָט זיך געוויגט אויף איר ברעם. ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר זי פאַרשווינדט אין נעקסטן חדר.

קלאַדקא איז בייז אויף זיך אַליין. וואָס האָט ער צו איר? נאָר ער ווייסט, אַז ער איז ניט שולדיג.

זיין לעבן איז צוריסן און וועט שוין קיינמאָל גאַנץ ניט ווערן. ער קען צוריק ניט קומען. ער וועט דאָרטן אונטערגיין און דאָ וועט ער זיין, ווי אַ שאָטן, וועלכער וועט זיך אַרומשלעפּן און קיין רו ניט האָבן.

קלאַדקא האָט קיין אַרבעט ניט געפונען. גאַנצע טעג זיך אַרומשלעפּן איבער די גאַסן אָדער שטיין ביים וואַסער און קוקן אין דער ווייטקייט. וואו ער איז געגאַנגען איז געווען דאָסזעלבע! גאָט, וואָרום קען ער ניט פאַרגעסן?

סימיע מיט אירע בלויע אויגן, טרערנדיגע אויגן און דאָס קינד מיט די הענטעלאַך אַרום זיין האַלז! און וואָס איז אַ היים? אַ בודקע, ווי פאַר אַ הונט, צוגעבונדן אויף אַ שטריק, אָדער אַ שטייג פאַר אַ פויגל!

און די וואַסער קלאַפּט אָן די ברעגן, זינגט פון ווייטע לענ־דער. ער וועט אַהיים מער ניט גיין. ער וועט בלאָנקען און זוכן. פיליכט וועט ער פאַרגעסן?!

סימיע וועט זיכער אים פאַרגעסן און וועט אַן אַנדער שפּיל־צייג געפינען. און דאָס קינד?

עס איז געווען שבת בייטאָג, ווען גייענדיג לעבן יוניאָן סקווער האָט קלאַדקאַ באַגעגנט דאָס מיידל פון „סאַלוויישאַן אַרמי". זי האָט אַ בלייכן שמייכל געטאָן און געבליבן שטיין. קלאַדקאַ האָט עפּעס געוואָלט זאָגן סאַרקאַסטישעס, נאָר קוקנדיג אין איר בלייכן געזיכט, איז ער שטיל געבליבן.

„איר אַרבעט שוין?" פרעגט זי שטיל.

ער שווייגט אַ ווײַלע.

„נאָך ניט".

זיי גייען ביידע פּאַמעלאַך. קלאַדקאַ טראַכט, אַז זי איז שיין, כאָטש ניט אַזוי יונג. ביי די דרייסיגער אודאי, דאָך ליגט אַ פרישקייט אויף אירע ליפּן, ווי אַ מיידל, וועלכע האָט קיינמאָל ניט באַרירט די ליפּן פון אַ מאַן.

„וואָס איז דיין נאָמען?" פרעגט ער.

אירע אויגן גיבן פאַר אַ סעקונדע אַ שיין, אַ שטיפערישער בויג מיט איר קערפּער און די ליפּן גיבן אַ שמייכל.

„נעלי איז מיין נאָמען".

קלאַדקאַ לאַכט:

„נעלי? אַ שיינער נאָמען. קום, לאָמיר צופאָרן אין פּאַרק. דער טאָג איז היים און דאָרטן איז כאָטש אַביסל ווינט דאָ".

זי שווייגט. גייט מיט אים. זיי גייען אַרונטער פון באָס ביי ריווערסייד דרייוו, זעצן זיך נאָענט צום וואַסער. די זון צוגיסט זיך איבער די בלויקייט פון הימל אַראָפּ. אַ קינדערשע פרייד כאַפּט זיי אַרום.

„פון וואַנען קומסטו?" פרעגט זי שטיל.

זיין ברעם גיט אַ ציטער, די אויגן ווערן וואַסערדיג.

„איך קום פון ווייט. פּאַלמען האָבן געוואַקסן ביי מיין טיר, דער הימל האָט געשמייכלט און אַ היים איז געווען דאָרטן".

ער בלייבט שטיין און פאַרמאַכט די אויגן.

„טאָ וואָרום ביזטו פון דאָרטן אַוועק?"

אירע אויגן, ווייבע, לאַסטשען. עס גיט אַ ציטער זיין האַרץ. ער נעמט איר האַנט אין זיינער. זי שווייגט. ער רעדט האַסטיג, עס שטיקט אין האַלז.

„אַ קינד האָב איך דאָרטן געלאָזן. נעלי! אַ שטיק פון מיין לעבן, און געמוזט אַוועק! דו ווייסט, וואָס דאָס מיינט: אַ הונט אויף אַ קייט! דאָס בין איך געווען. אַלעס האָב איך געהאַט, נאָר פּוסט איז געווען דאָס האַרץ און געמוזט האָב איך אַוועק!“

„וואָס איז דיין נאָמען? קלאַדקאַ?“

זי שווייגט אַ מינוט.

„דו ביזט מאָדנע, ווי דיין נאָמען. ווען איך האָב דיר דעם ערשטן מאָל דערזען, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַ דעמב האָט מען אויסגעריסן מיט די וואָרצלען און פאַרוואָרפן ערגעץ, וואו ער וועט מוזן שטאַרבן! גיי אַהיים, ברודער! דיין ווייב וועסטו פּי־לייכט פאַרגעסן. דיין קינד — קיינמאָל ניט. גיי צוריק. דו וועסט קיין גליק ניט געפינען...“

„צוריק וועל איך ניט גיין. איך וועל בעסער אונטערגיין דאָ. צו זאַט בין איך דאָרט געוואָרן. מיין פרייד האָט אויפגעקוועלט און געלאָזן מיין נשמה ליידיג. צו דען איז דער מענטש באַשאַפן פאַרדעם? איך קען רואיג ניט זיין. מיין בלוט איז אַנדערש. צו מיר רופט דער וואַסער און שפּרייט זיינע אָרימס צו מיר. די ליד פון וואַנדערער איז מיין ליד. דאָס גלעטן פון ווינט איז דער קוש פון הימל פאַר מיר. דער היימלאָזער קען מיין ברודער זיין. די געפאַלענע קען איך צו מיין האַרצן דריקן. די נאַכטיגע שאָטנס רופן מיך. אַהין, צו דער פוסטקייט, קען איך זיך ניט אומקערן. זאָל עס זיין, וואָס עס וויל...“

נעלי ווישט די טרערן.

„יעדער מענטש מיט זיין פּיין. ניטאָ קיין פרייד! אַמאָל איז אַנדערש געווען. פרייד האָט זיך געגאָסן איבער מיר, ווי די זון פון הימל. און געטרונקען האָב איך די פרייד פון לעבן, ביז די

פרייד האָט זיך אויסגעוועבט. פון דער זיסקייט איז ביטערקייט געוואָרן און מיין וועלט איז געוואָרן פּוסט.

„ניטאָ קיין פרייד, וואָס האָט ניט באַרירט מיין לעבן! ניטאָ קיין קוואַל, פון וועלכן איך האָב ניט געטרונקען. אַ קינד פון רייכע עלטערן. און זיי זיינען אַוועק און איך בין געבליבן אַליין. האָב איך געטרונקען ביז ענדע. אַז דער בעכער איז ליידיג געוואָרן איז געבליבן אַ פּוסטע וועלט.

„ווי אַ שטורם וואָלט צעשמעטערט אַלעס אין מיין לעבן, אַזוי איז עס פּלוצלונג געקומען. איך האָב אים באַגעגנט דורך אַ צופאַל. בלייך איז ער געווען. אויגן וועלכע האָבן געזען די ליכט פון דער וועלט. מיטן ערשטן בליק האָב איך געוואוסט, אַז מיין לעבן וועט ווערן צוזאַמענגעקניפּט מיט זיינעם. איך האָב ניט געוואוסט, אַז ער איז קראַנק, אַז די פאַבריק האָט אויסגעצויגן זיין לעבן.

„איך האָב אים אין די בערג גענומען, און מיט יעדער נאַכט האָט דער טויט געשפּאַנט מיט זיכערע טריט איבער אונז. יעדער זונען־אויפגאַנג איז געווען אַ פרייד פאַר מיר. ווי אַ נייַ לעבן וואָלט אַראָפּגענידערט פון הימל. דערנאָך איז די נאַכט געקומען. געוואוסט האָב איך, אַז די זון וועט מער ניט שיינען...

„אַ דאַנק גאָט פאַר די פרייד וואָס ער האָט מיר געגעבן מיט אים. פאַר די טעג, וואָס ער האָט מיר געשיינקט! גאָט איז גוט און איך דאַנק אים פאַר יעדן טאָג פון מיין לעבן, וואָס ער גיט מיר..."

נעלי האָט געוואוינט אין סטעטן איילאַנד מיט אירער אַ טאַנטע. אַ רויטע הויז שפּיגלט זיך אין דער זון און אַרום פעלדער ציען זיך אומענדלאַך. פּלאַכע, ערד שוואַרצע, וועלכע זיינען שוין לאַנג ניט קולטיווירט געוואָרן און ווילדע גראָזן רייסן זיך צום הימל. אַרום הויז אַ גרויסער גאָרטן. ביי די זייטן בלומען. אַ שטילער ווינקל פאַר פריידיגע מינוטן.

עס איז זונטיג. די טאַנטע מאַכט עסן. קלאַדקאַ מיט נעלי'ן שפּאַצירן ביי די ברעגן פון אַ שיטערן וועלדל, הערן זיך צו צום

זשומען פון די פליגן. די בוימער באַוועגן זיך קוים, ווי סאַמעטענע פינגער וואָלטן זיך געגליטשט צווישן די צווייגן. אַ פאַרלאָזענער פלאַץ. לאַנג צוריק, אַז אַ מענטש האָט באַרירט די ערד. יעצט ציטערט די גראָז, ווילדע בלומען באַהאַלטן זייערע קעפּ, דער הימל צוגיסט זיך מיט ליכט און באַנייט די ערד און אַלעס וואָס וואַוינט אויף איר.

זיי זיצן אויפן גראָז. קלאַדקאַ קוקט צום ברעג הימל, נאָר די געדאַנקען זיינען ערגעץ אַנדערשוואו. ער טראַכט, אַז נעלי איז וואונדערבאַר דעם פרימאָרגן: די ליפּן, פולע, רופן, רופן!

ער וויל טראַכטן פון עפּעס אַנדערש, נאָר אַלעס פאַרשווינדט און ער זעט נאָר איר. זיי קוקן זיך ביידע איבער. אירע ליפּן טונקען זיך אין פיבערדיגער ליכט. זיין קערפּער גיט אַ ציטער. די אויגן, הונגעריגע, שרייען צום הימל. איר האַנט אין זיינע. זיינע אָרימס אַרום איר. פיבערדיגע ליפּן. די זון ווערט מער ניט ווי אַ בלאַסער שיין. די פליגן זשומען ניט. די גאַנצע ערד ווערט צוזאַמענגעגאָסן אין אַ ליידנשאַפטלאַכן קנויל און עס ווערט שטיל. אַזוי שטיל, אַז דער הימל בלייבט פאַרגליווערט.

קלאַדקאַ האָט אַרבעט געפונען. אַ גאַנצן טאָג אַז ער אַרבעט ביים וואַסער. שווערע אַרבעט! שיפן אָנגעלאָדן פאַר פרעמדע לענדער. ערגעץ ווייט דאָרטן איז אַן אַנדער ערד דאָ. ער וועט פאָרן אַהין. וואַנדערן, ביז זיין בייַנקעניש וועט ווערן איינגעשטילט און זיין אומרואיג בלוט וועט אויפהערן שרייען.

נעלין האָט ער שוין עטלאַכע טעג ניט געזען. ער וויל ניט זען אירע טרערן. היינט וועט ער איר זען און איר בעטן איר פאַרצייאונג.

און סימיע? פילייכט ווייַנט זי און דערמאָנט אים. אַמאָל איז זי דאָך אין זיינע אָרימס געלעגן! און צום ערשטן מאָל אויף דער שיף האָט איר לייב זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זיין לייב. יעצט פאַרגייט די זון. מאָרגן וועט זי ווייטער אויפגיין. און ווי מיד ער איז פון דעם אַלעמען.

נעלי האָט געוואָרט פאַר אים. זי האָט געשוויגן. נאָר אירע אויגן האָבן געברענט מיט אַ נייעם פיבער. פּאַמעלאַך זיינען זיי נעגאַנגען דורך די גאַסן. זי האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיין אָרים און געשוויגן, ביז זיי האָבן דערגרייכט די פעלד, וועלכע פירט צו איר הויז.

עס איז שוין געווען פינסטער, איבערן פעלד איז געווען אויס־געשפּרייט אַ העלער הימל מיט שטערן. פייער־פליגן האָבן גע־שיינט אויף די צווייגן. דער ווינט האָט קוים באַרירט די בוימער און איז שטיל געוואָרן.

ניט ווייט פון הויז שטייט אַ באַנק, אַרום און אַרום געפלאָכ־טענע צווייגן. זיי האָבן זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט.

זיי האָבן ביידע מורא געהאַט צו ריידן, און דערנאָך האָט קלאַדקאַ אָנגעכאַפּט איר אָרים און אימפּעדיג אַרויסגעשריען:

„נעלי!"

ער האָט מער ניט גערעדט. זי האָט געהאַלטן זיין גרויסע האַנט אין אירע און ער האָט געפילט דעם ציטערן פון איר קערפּער.

„וואָרום שווייגסטו אַזוי, נעלי?"

זי האָט זיך אַ וויג געטאָן הין און צוריק.

„אַמאָל פעלן ווערטער; אַמאָל קען מען זיך ניט פאַנאַנדער־קלייבן אין די געדאַנקען און עס איז ניטאָ וואָס צו זאָגן".

„איך האָב ניט געמיינט צו זיין שלעכט, נעלי! דו וועסט מיר פאַרגעבן?..."

זי האָט שטייף געדריקט זיין האַנט.

„איך האָב גאָט געבעטן פאַר אונז ביידן! דו ווייסט, אַז אָפט דענק איך, אַז גאָט האָט דיך צו מיר געשיקט, ווייל מיר זיינען ביידע עלנדע..."

קלאַדקאַ שמייכלט דורך דער פינסטערניש.

„נעלי!"

„וואָס איז, פריינט?"

„אָט, איך טראַכט: אַ מענטש איז מער ניט ווי באַשאַפן געוואָרן צו זינדיגן! און וואָס איז זינד?... פרייד! דער פרייד פון לעבן! דער פרייד פון זיין און פאַרגעסן! און וואָס איז לעבן? אויב ניט זינד! גאָט דינען קען מען נאָר ווען די האַרץ איז פול מיט פרייד, ווען מיט יעדן אָטעם זינגט דאָס בלוט אַ ליד צו דעם באַשעפער! אַ הונגעריגער קען וויינען פון מאַכטלאָזיקייט, אַן עלנדער קען פון זיין אומעט וויינען. אַ פריידיגע האַרץ קען נאָר גאָט דינען!“

„מען דאַרף ניט ריידן אַזוי!“

„פאַרוואָס ניט, נעלי?“

„ווייל פילע האָבן זיך געאָפּפערט פאַר דאָס גליק פון אַנדערע! און יעזוס איז געווען אַ מאַרטירער, ווייל ער האָט געוואָלט גליק פאַר אַנדערע ברענגען. יעדן טאָג, יעדע מינוט וועסטו אַזעלכע געפינען. די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט איז דורכגעווייקט מיט בלוט פון די מענטשן!“

„קיינער קען ניט ברענגען קיין גליק פאַר אַנדערע. יעדער מוז דאָס אויסקעמפן פאַר זיך, ווייל גליק, ווי פרייהייט, איז אַן אינערלאַכער פאַרלאַנג, וועלכער ווערט געבאָרן ביי דעם מענטשן אין דער נשמה. ווייל גליק איז אַן אומבאַשטימטער באַגריף און יעדער מוז דאָס געפינען אויף זיין אייגענעם אופן. איינער געפינט דאָס אין איינזאַמקייט, דער צווייטער — אין אָפּפערן זיך פאַר אַנדערע“.

אַליין איז ער געגאַנגען אַהיים. און געפילט האָט ער, אַז ער איז ליידיג געוואָרן, אַז ער בלאָנדזשעט אַרום אין אַ פוסטער וועלט! און דער הימל האָט אַרונטערגעלאַכט פון אויבן! און די פוסטקייט האָט געלאַכט פון אים.

דאָס איז דער מענטש. אימיצער האָט אַ ציִ געטאָן די שטריקל און די פּופּע באַוועגט זיך. וואו איז דיין ווילן, קלאַדקאַ? יעצט ביזטו פיזיש זאַט און דער אומעט איז נאָך שטאַרקער! און וואָס וועט מאָרגן זיין? — דאָס זעלבע. נאָר דער הימל האָט געשוויגן און קלאַדקאַ איז געבליבן אַליין.

# צו די שטערן

„אזא נאכט, קיין הונט דארף מען אין גאס ניט לאזן!"

פעריןָ האט א שוידער געטאן, שטייפער ארומגענומען זיין ראק, און ראבי האט געשוויגן.

דער רעגן האט זיך געשטארקט. דער געדיכטער בוים, אונטער וועלכן זיי זיינען געזעסן, האט שוין מער קיין שוץ ניט געגעבן. אנטקעגן האט דער זייגער געשלאגן צוויי. מאנאטאן, מעטאליש האט דער קלונג געהילכט איבער דער פוסטער גאס.

פערין האט א קרעכץ געטאן:

„ניט געדארפט קומען אהער! מיר'ן נאך פגר'ן אין גאס. א פארשאלטענע שטאט!"

ראבי האט בייז א שמייכל געטאן:

„גאט וועט דיין הינטישע פעל ניט אוועקנעמען! די קישקעס וועלן נאך דיר גוט אויסדרייען פאר הונגער!"

פערין האט זיך הייזעריג צעלאכט.

„דיר איז גוט, ראבי, דו ביסט אזוי יונג! איך הער שוין די טריט פון טויט. וועל זיך שוין אזוי לאנג ניט מוטשן. א פגר וועט מען אמאל געפינען. קיינער וועט ניט וועלן בארירן מיין שמוציגע ליים. נאר אלץ איינס, א קבר וועט זיין. פאטערס־ פעלד איז גרויס, און די ערד איז פעט און גראז וועט וואקסן". — ער פארהוסט זיך און האלט צו דאס הארץ. „קאלט צום שווארץ־יאר! די אלטע פעל וויל מער ניטווארימען."

ראבי לאכט.

„נו, נא, טרינק, אלטער. ווארים זיך אן!"

דאס פלעשל ציטערט בא פערין אין האנט.

„אַ דאַנק, זון, אַ דאַנק! איצט וויל איך שלאָפן. מיד צום שוואַרץ־יאַר. ניטאָ קיין קרעפטן מער".

דער רעגן הערט ניט אויף גיסן, קאַפּעט איבער פערינ'ס געזיכט, און ער ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָטעמט ניט. ראַבי הערט זיך איין. שטיל, זייער שטיל. דאָס האַרץ באַוועגט זיך, און ראַבי שמייכלט צופרידן.

ראַבי מיט פערין קומען פון וועג. זיך באַגעגנט אין דער שטאָט אַריזאָנאַ. פערינ'ס קאָפּ איז ווייס־באַזילבערט. דאָס געזיכט געל ווי אַ פּרעירי־פעלד. דער קערפּער דין, אויסגעדאַרט. נאָר די פיס דינען נאָך. פעלדער פון זון מיט גרינע גראָזן. פאַרוואָרפענע וועגן. אומעטום געוועזן און איצט בענקען זיי נאָך רו.

ראַבי איז פינף און צוואַנציג; אַ הויך־געוואַקסענער, מיט אַ זון־פאַרברענט געזיכט. די אויגן האָבן אַריינגעזויגן די זון פון די בערג און זי לייכט אַרויס פון זיינע אויגן. די מוסקולן האַרט און די פויסטן גרייט אַלע מאָל צו קעמפן פאַר'ן לעבן.

ראַבי פאַרמאַכט די אויגן. דער רעגן איז קלענער געוואָרן; דער הימל דריקט מיט אַ שוואַרצער כמאַרע. עס ווערט שטיל דער ווינט האָט אויסגעוויינט דאָס האַרץ, און איצט איז ער מיד. שטייפער אויסגעצויגן די גלידער. קערפּער צו קערפּער. שטיל, שטילער, אַלע רוען.

אַ כמאַרנער פרימאָרגן. די זון ראַנגלט זיך מיט די שוואַרצע וואָלקנס. ראַבי הויבט זיך אויף, ציט אויס די גלידער. עס דריקט אים אַ שווערע מידקייט. פערין ליגט אומבאַוועגלאַך, ווי אַ פאַרגליווערטער. ראַבי בויגט זיך איין, גיט אים אַ לייכטן טרייסל. פערין עפנט די אויגן. ראַבי שפּרינגט אָפּ דערשראָקן. אַ פיבערישער גלאַנץ מיט אַזאַ פרעמדקייט שפּאַרט זיך פון דאָרטן.

„וואָס איז אַלטער?"

פערין קוקט אים אָן מאָדנע. די ברעמען פאַרמאַכן זיך האַלב.

„שרעק זיך ניט, זון!"

„ווי געלע בלעטער פון די ביימער, אַזוי פאַלן מיינע טעג!“

„רעד נישט קיין נאַרישקייט, אַלטער! מיר וועלן נאָך אַ סך וואַנדערן צוזאַמען, אַלטער! צי דען האָב איך דיך געפונען פאַר אַ טאָג? קום מיט מיר. אַ צימער פאַר דיר וועל איך קריגן. אַ פּאָר דאָלער איז איינגענייט אין מיין ראָק. קיינמאָל ניט געוואָלט דאָס באַרירן! דאָס האָט מיין מאַמע מיר געגעבן, איידער זי איז אוועק! אַ גוטע איז זי געווען, אַלטער! אוועק און מיך איבער־געלאָזן! אַ סך מאָל מיך צו איר האַרצן געדריקט. די אויגן מיט גרויסע טרערן האָב איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דער פאָטער אוועק, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען. דער ים איז געווען אין זיין בלוט! קיינמאָל אים מער ניט געזען. ווער ווייסט, וואו זיינע ביינער רוען? ערגעץ איז ער דאָ. אייביג וועט ער זיין. זאָל ער טרוימען! אַלע זיינען מיר אַזוי, פערין. דער אומרו פון ווינט אין אונזערע גלידער. און אייביג וועלן מיר גיין אין די איינזאַמע וועגן“.

באַם וואַסער שטייט אַ גרויס הויז, אַלט און אָפּגעקראָכן. ניט ווייט קלאַפּט און רוישט דער האָדסאָן. די גאַס איז אַ שמאָלע, און ווי קברים רייסן זיך די אַלטע הייזער צום אָפּגרונד. ראַבי האָט אַ חדר גענומען. פערין ליגט אין בעט. קוקט אויף דער פּאַר־לאָזענער גאַס. שטיל אַרום אים. ראַבי איז אוועק קויפן עפּעס עסן, און פערין איז אַליין. דער חדר שמעקט מיט שימל. די ווענט אָפּגעריסן. נאָר עס מאַכט ניט. דורך דעם אָפענעם פענסטער זעט ער אַ שטיק הימל. ווער ווייס וואו? באַלד וועט זיין טאָג פאַרגיין און אַלץ וועט זיין אַזוי שטיל, אַזוי שטיל!

ראַבי גייט אַריין, שטעלט אוועק די זאַכן, וואָס ער טראָגט.

„נו, אַלטער, וואָס ווילסטו?“

פערין שמייכלט מיט׳ן געלן געזיכט.

„איך האָב פאַרשטאַנען, דו אַלטער, האָב טאַקע געבראַכט“.

אויפהויבן קען זיך ניט פערין. ראַבי העלפט אים. ער טרינקט, און אַ מאָדנער כאָרכלען רייסט זיך באַ אים פון האַלז.

„איצט וויל איך שלאָפן, זון. מיד בין איך, אַזוי מיד".

דער אַלטער שלאָפט מיט האַלב־אָפענע אויגן. ראַבי שאַרט זיך שטיל אַרויס פון חדר. אונטן באַגעגנט אים ראַשעל, זי איז די הויז־פרוי, בּאַ וועמען ער האָט געדונגען דעם חדר.

„נו, וואָס מאַכט דער אַלטער?"

„איך ווייס ניט", זאָגט ראַבי, „געדאַרפט רופן אַ דאָקטאָר".

זי צעלאַכט זיך.

„ער וועט געזונט ווערן אַזוי! אָה! איך ווייס די הינט, ניין לעבנס האָבן זיי."

ראַבי טוט אויף איר בייז אַ קוק. ער וויל עפּעס זאָגן, ווען פון צווייטן חדר באַווייזט זיך אַ יונג מיידל. דער קערפּער נאָר האַלב פאַרדעקט. זעט ראַבי'ן און צעלאַכט זיך.

„מיין טאָכטער", שמייכלט די אַלטע צופרידן, „איך האָב נאָך איינע, שלאָפט זי נאָך. אַרומגעשלעפּט זיך מיט אַ יאַלד אַ גאַנצע נאַכט, און מער ווי פינף און צוואַנציג ניט געמאַכט! אַ קריינק אין זייערע ביינער! קאַרגע הינט, וואָס זיי זיינען!"

ראַבי שטייט אַ שווייגנדיגער. מאַרי די טאָכטער, אַ הויך־געוואַקסענע, אַ יאָר אַכצן, מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן קערפּער, קאַרע אויגן מיט לאַנגע ברעמען. דאָס לייב אַ ווייסע מיט אַ געזונטן קאָליר.

„מאַמע, פאַרשפּילע מיר דעם קאַרסעט־קאָווער, און זאָג דיין יאַלד, ער זאָל אַזוי די אויגן ניט ראַטשן אויף מיר".

מאַריא צעלאַכט זיך פרעך.

„גיי שוין מויד, אַזוי צעלאָזן! שעמט זיך גאָר ניט פאַר פרעמדע". די אַלטע גיט אַ שמייכל צו ראַבי'ן. און ער שאַרט זיך פּאַמעלאַך אַרויס פון חדר. „אַ געזונטע מויד אַ קלאָג צו איר", טראַכט ראַבי. „אַ הינטישע לייב. ווי פרעך זי איז!" ער דערמאָנט זיך אָן פעריג'ען. אַרימער אַלטער. ער בלייבט שטיין און עס דריקט אים שווער דאָס האַרץ.

געקומען איז ראַבי אַהיים שוין פאַרנאַכט. נאַכט־שאָטנס זיינען געווען אויסגעשפּרייט איבער די גאַסן. אין הויז איז געווען שטיל. מאַריא איז געלעגן אויף דער סאָפע, געראָויכערט און געלייענט אַ ביליגן זשורנאַל. די אַלטע איז ניט געווען. מאַריא האָט זיך אויסגעדרייט, אַ שעלמישן בליק געוואָרפן. איר ברוסט האָט זיך אַ הויב געטאָן. און אַ ליידנשאַפטלאַכע כוואַליע האָט זיך דורכ־געריסן זיין בלוט. שנעל איז ער אַרויף אויף די שטיגן. אין די שלייפן האָט אים געהאַמערט. אין חדר איז ער געבליבן שטיין, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ווייאָלאַ איז געשטאַנען לעבן פעריג׳ען. ווי די שוועסטער, אַ הויך־שלאַנקע, נאָר די אויגן ווייכע לאַסטשענ־דיגע. ביינקשאַפט האָט פּלוצים באַרירט זיין האַרץ און שטיל איז געוואָרן אַרום אים, ווי פאַרנאַכט אויף אַ שפּיץ באַרג, ווען די זון פאַרגייט. די ליפּן האָבן נאָר געציטערט. ראַבי האָט זיך איינגעבויגן איבער אים, און מיט זיין האַנט באַרירט פעריג׳ס באַוואַקסן געזיכט. פעריג עפנט די אויגן, קוקט שטאַרק אין דער לופט, זעט ראַבי׳ן, און אַ שטאַרבנדיגער שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין ליפּ. ווייאָלאַ שטייט אַ סעקונדע, די אויגן ווערן ווייכער, און שטיל, ווי אַ שאָטן רוקט זי זיך אַרויס פון חדר.

פעריג האַלט ראַבי׳ס האַנט.

„גוט, זון, וואָס דו ביסט געקומען! כ׳האָב זיך געשראָקן, אַז דו וועסט זיין צו שפּעט! די ליכט פון מיינע אויגן ווערן טונקל, דער הימל פאַרלעשט זיך איבער מיין קאָפּ.“

ער פאַרמאַכט די אויגן. גרויסע טרערן רינען איבער זיין געלן פאַרמעט־געזיכט. ער בייסט די ליפּן, אין קאָפּ האַמערט, נאָר ער פּרוּווט שמייכלען.

„דו וועסט נאָך לאַנג לעבן, אַלטער. מיר וועלן נאָך אַ סך וואַנדערן צוזאַמען. אונזער פרייד וועט זיך איצט אָנהויבן“.

פעריג שמייכלט דורך טרערן.

„ס׳מאַכט ניט אויס, זון, וואָס איך שטאַרב. ווער ווייס אויב אונזערע וואַנדערונגען ענדיגן זיך מיט דעם. דער צוּיבער־קרייז

ציט זיך אייביג! א גאנצן טאָג, אַז איך פאַרמאַך נאָר די אויגן זע איך דעם גרויסן אומענדלאַכן ים! ווייסע זעגל־שיפן שווימען אין דער ווייטקייט, איבער מיר אַ טראָפּישער בלויער הימל און פון ערגעץ קומט דער געזאַנג פון ווייטע וועלטן. ווייסע פייגל פליען אַרום מיר".

ער ווערט שטיל, פאַרמאַכט די אויגן און בלייבט ליגן אָן קרעכצן אויפן קישן, נאָר דאָס געזיכט איז באַלויכטן פון אַן אינער־לאַכער פרייד.

ביינאַכט איז פערין אוועק! — אוועקגעשוואומען אויף די ווייסע זעגל־שיפן אין דעם לאַנד פון אייביקייט. ראבי איז אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען ביים פענסטער און שטאַרק געקוקט אין דרויסן. איז די זון געקומען, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און געלאָזן די טרערן פריי פליסן. שווער, זייער שווער איז אים געווען אויפן האַרצן.

פּאָטער׳ס פעלד, לעבן אַן עלנדן בוים, האָט מען פערינ׳ס קבר געמאַכט. מאַריאַ איז אַ כליפּנדיגע אוועק מיט דער אַלטער. ווייאָלאַ איז געשטאַנען ביי זיין זייט און שטיל געקוקט אויף דעם בערגל ערד, דערנאָך שטיל זיך געשאַרט צו די קברים פון די עלנדע וואַנ־דערער! אַ קאַלטער ווינט מיט הערבסט־בלעטער האָבן געוויינט זייער אומעט! שטילע גאַסן, שטילע טריט. מענטשן, מאַשינען, געוויש! לעבן און טויט — אַלץ גיסט זיך צוזאַמען. הימל און ערד, מינוטן און אייביקייט — אַלץ דאָסזעלבע.

אַ גאַנצע נאַכט איז ראבי געלעגן אויף זיין בעטל און זיך געראַנגלט מיט זיין ווייטיק: אַזאַ חבר! ער האָט אים ברויט געגעבן, אים געטרייסט אין זיין אומעט! אין דער קורצער צייט פון זיינע וואַנדערונגען איז פערין געוואָרן אַ טייל פון זיין לעבן. און איצט — מער ניטאָ! ער וויל פאַרמאַכן די אויגן און מער ניט טראַכטן. נאָר דורך דער פינסטערניש סטאַרטשעט אַרויס פערינ׳ס געזיכט און שמייכלט אומעטיג.

ער הערט, ווי עמיצער עפנט אויף די טיר. ער רירט זיך ניט. די מינוטן זיינען שעה׳ן געוואָרן, אייביקייטן! די פינסטערניש איז פאַרגליווערט געוואָרן צוזאַמען מיט אים, און איצט זינקן זיי אין אָפּגרונט. אַ וואַרימער אָטעם אויף זיין געזיכט, אַ שמעקנדיגע פרויען־ליִב, אַ זיסלאַכער פּערפיום. ווייכע סאַמעטענע הענט גלעטן זיין געזיכט און ערגעץ פון דער ווייטן ווייִנען וועלטן, גיסט זיך פינסטערניש. דערנאָך אַ ווייסט פעלד, וואָס ציט זיך אָן אַן ענד, אָן אַ ברעג!

„דו שלאָפסט, ראַבי?" ער גיט אַ ציטער, עפנט די אויגן.

„דאָס ביזטו, מאַריאַ?"

אין דער פינסטערניש שמייכלען אירע ברוסטן צו אים. נידע־ריגער בויגט זי זיך צו אים.

„נעם מיין האַנט, ראַבי; איך בין געקומען צו דיר; ניט געקענט זיין דאָרטן. אַן אַלטער יאָלד האָט זיך אָנגעטשעפּעט אָן מיר; ווי אַ הונט איז ער נאָכגעגאַנגען מיין רוף. געלט האָט ער אַ סך, נו, וויל ער האָבן אַ יונג ווייב. גאָט זאָל אים צונעמען, דעם אַלטן הונט; געוואָלט נאָך קריכן, וואו מען דאַרף ניט. אַן אַנדער צייט וואָלט ניט געאַרט — אַ הונט איז אַ הונט, נאָר ניט היינט!"

ראַבי הערט זיך איין, פילט איר הייסע ליִב, וואָס זידט דורך איר נאַכט־קלייד. זי דריקט זיין קאָפּ צו זיך.

„נעם מיך אַרום, ראַבי!"

די זון האָט זיך צוגאָסן, ווי שטראָמען זילבער, איבערן שטאָט. הערבסט איז געווען פאַרגליווערט איבער דער לופט. די גאַסן זיינען געווען שטיל, ווייל עס איז געווען דער טאָג פון רו. די גלאָקן פון די קלויסטערס האָבן שוין געקלונגען, זיך געריסן דורך דער לופט און געוואָרנט און גערופן צו גאָט־דינסט. ראַבי איז נאָך געלעגן אין בעט מיט אַ פּוסטן קאָפּ און מיט מידע גלידער. קלינג־קלאַנג! — פּעריג׳ס זעגל־שיפן; קלינג־קלאַנג! — מאַריאַ׳ס ווייסע ליִב; קלינג־קלאַנג! — פּוסטקייט! אַ ליידיקע וועלט. דער הימל שרייט מיט זיין איינזאַמקייט, די זון גיסט קאַלט, טויט ליכט.

אַנגעטאָן זיך. עס ציט אין גאַס. אונטן זיינען אַלע אַוועק. די אַלטע, מאַריאַ און ווייאָלאַ זיצן ביים טיש און עסן. מאַריאַ לאַכט און ווינקט שעלמיש מיט די אויגן. ווייאָלאַ איז אָנגעטאָן אין אַ העלע מאַרגנקלייד, די האָר פריש־געמאַכטע קרויזן; די אויגן ווייכע, ליכטיגע, קוקן מאָדנע אויף אים. ראַשעל רופט אים עסן. ער זאָגט זיך אָפּ. ער איז ניט הונגעריג, ער האָט ניט קיין פאַרלאַנג. זיי גייען צו גאָט־דינסט.

„קום“, בעט מאַריאַ.

ווייאָלאַ זאָגט גאַרניט, נאָר קוקט שטיל און גלעט אים מיט אירע אויגן. נו, וועט ער גיין. אַלץ איינס. דאָס האַרץ ווײנט מיט פיין.

אַ הילצערנער אַלטער קלויסטער, די ביינק צובראָכענע. פאַר־מוטשעטע מענער און פרויען. דאָס לעבן האָט זיי באַשפּיגן און באַליידיגט. דאָס לעבן איז שווער און גרויזאַם! קומט מען גאָט בעטן. ערגעץ מוז דאָך זיין גערעכטיקייט. די וועלט איז פאַר־לאָרן — כאָטש יענע וועלט, גאָט דערבאַרמהאַרציגער! דער אַל־טער רעדט שטיל. זיין שטים ציטערט: „גאָט איז געשטאָרבן פאַר אונז. ער האָט געוואָלט זען גערעכטיקייט פאַר די מענטשן און גליק פאַר זיינע קינדער, האָט מען אים געקרייציגט און זיין בלוט איז געפלאָסן פאַר אונז“.

„מיר זיינען זיינע קינדער. מיר, די פאַרשפּיגענע אין לעבן. די וואָס ליידן און מוטשען זיך, וועלן געפינען גליק און הימלישע פרייד! און אויב מיר זינדיגן, וועט ער אונז פאַרגעבן, ווייל ער זעט אונזערע ליידן. ער וועט אונז נעמען אין זיינע אָרימס און היילן אונזערע וואונדן. יעזוס האָט געזאָגט, אַז עס איז גרינגער פאַר אַ קעמל דורכצוקריכן די לעכל פון אַ נאָדל איידער פאַר אַ רייכן מאַן צו קומען אין הימל. זייט געטרייסט, אָרימע ברידער און שוועסטער מיינע! פאַר אונז וואַרט די הימלישע פרייד, אָמן“.

עס בלייבט שטיל. דער אָרגאַן שפּילט אַזוי מאָדנע טרויעריק. אומעטס גיסט זיך אין די הערצער. אַלע זינגען אַ ליד צו גאָט, ער זאָל זיי באַפרייען.

„גאָט, העלף אונז! מיר זיינען ווי די ווערים אויף דער ערד און מען טרעט אויף אונז. העלף אונז! מיר זיינען מיד און מיר בענקען נאָך רו!"

ווייאָלאַ וויינט, די טרערן רינען איבער אירע באַקן און ראַבי׳ן טוט דאָס האַרץ וויי... ער נעמט איר האַנט, גלעט איר ווי אַ קינד, און דאָס האַרץ טוט אים אַזוי וויי פאַר אַלע די, וואָס ווייסן ניט פון קיין פרייד. אָרימע, קראַנקע! ער פאַרמאַכט די אויגן. ווייאָלאַ׳ס האַנט אין זיינער, ביידנס קערפּערס ציטערן.

מאַריאַ דאַרף אַוועקגיין. אַ יאַלד וואַרט אויף איר. ער דיינקט, ער וועט עפּעס קריגן! „קריינק דעם הונט". נאָר געלט האָט ער. אַ דימענט־בראָשקע האָט ער איר געגעבן; געגומען זי אין אַ סך שיינע פּלעצער. קען זיין, אַז זי וועט מיט אים הייראַטן. „דו וועסט קומען צו מיר, ווען ער וועט אין הויז ניט זיין. דער טייוול מעג אים נעמען". זי לאַכט און דריקט ראַבי׳ס האַנט. ווייאָלאַ שווייגט. איר אויבערשטע ליפּ גיט אַ ציטער. מאַריאַ איז אַוועק. די אַלטע איז אַוועק אַהיים. ראַבי און ווייאָלאַ גייען שטום אַרום זייטיגע גאַסן.

„קום אין פּאַרק", זאָגט זי.

„גוט, קום!"

זיי נעמען דעם טראַמוואַי, שווייגן דעם גאַנצן וועג, נאָר די הענט זוכן איינע די אַנדערע.

געדיכטע אַלייען, געלע בלעטער פאַרזייט אומעטום. אומעטיג זינגט ערגעץ אַ פויגל. זיי זיצן ביידע אונטער אַ געדיכטן בוים. דאָס גראָז איז נאָך גרין. באַלד וועט זיין אַלץ פאַרגעלט און אָטעמען טויט.

„איך האָב ליב הארבסט", זאָגט ווייאָלאַ.

„דו ביזט אַ שיינע", רעדט ראבי, „נאָר אומעטיג ביזטו שטענ־דיג". ער וויל נעמען איר האַנט. זי לאָזט ניט.

„דו דיינקסט איך ווייס ניט?". אירע ליפּן גיבן אַ ציטער.

„וואָס?" פרעגט ראבי און קוקט אויף איר געזיכט.

—„אַ, נעכטן מיט מאַריאַ׳ן! וואָס, איר ליבּ איז שענער פון מיינס? זי איז געקראָכן צו דיר, די קאַץ! נאָר מאָרגן וועט זי דיר פאַרגעסן. און איך בין אַנדערש. האָב איך ליב, ליג איך ווי אַ הונט ביי דיינע פיס! זי פאַרגעסט — איך ניט!"

„דו ביזט שענער פון איר. אַ סך שענער. דיינע אויגן זיינען ווי סאַמעט, און דיין ליבּ מוז זיין פרישער פון אירן". ער נעמט איר אַרום.

„דו קענסט שיין ריידן! נאָר נעכטן ביזטו געלעגן מיט איר אין בעט און איר געקושט. איך בין געשטאַנען ביים טיר און אַלץ געהערט; געשאָלטן דיר מיט איר, מיט מיין פאַרשאָלטן בלוט. דערנאָך אוועק און געוויינט, ווי אַ צווייג, אויף מיין בעט".

ראבי דריקט זי צו זיך. דאָס האַרץ קלעמט אים.

„פאַרשאָלטענע ביינער מיינע! אַזאַ הונט בין איך! שטענדיג הונגעריג נאָך דער ליבּ פון אַ פרוי. געוואַנדערט אַ סך און גע־ביינקט. אַ סך מאָל אין מיין שלאָף האָט מיין בלוט געשריען! נאָר דו ביזט אַן אַנדערע. מיר איז גוט צו זיצן מיט דיר, האַלטן דיר אַרומגענומען, קושן דיינע ליפּן, ווייל אַ הייליגע ביזטו, ווייאָלאַ".

„איך וויל ניט זיין קיין הייליגע!" אירע אויגן צינדן זיך אָן.

„איך וויל זיין צו דיר ווי מאַריאַ. נאָך מער! איך וויל דיך זעטיגן מיט מיין ליבּ! איך וויל מיט דיר זיין און קינדער האָבן! מיין בויך ווינט נאָך דעם געבורט פון אַ קינד. איך ווייס און פיל אין מיין בלוט, אַז דו ביזט מיין אויסגעוויילטער!" טרערן באַווייזן זיך אין אירע אויגן. „איך שווער דיר, ראבי, אַז קיין מאַן איז נאָך ניט געווען מיט מיר. איך בין ריין, ראבי!" זי באַהאַלט איר געזיכט אין זיינע אָרימס און עס ציטערן שאָטנס אַרום זיי.

אוועק זיינען חדשים. ראַבי אַרבעט אויף אַ באַרזשע. ווייאָלאַ וואוינט מיט אים אין דעם חדר דאָרטן. דער האַדסאָן ליגט רואיג, די בערג באַדעקט מיט שניי. אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען. ביינאַכט רוט די באַרזשע ניט ווייט פון די בערג. אַרום איר וואַסער און אין צווייטן זייט מיליאָנען עלעקטרישע ליכט פון דער שטאָט.

ראַבי האָט ליב רויכערן זיין לולקע און טרוימען. אַמאָל זיצט ווייאָלאַ נעבן אים. איר געזיכט רוט אויף זיין קני און ער גלעט אירע האָר. מאַריאַ האָט געהייראַט, וואוינט ערגעץ אין אַ פּאַלאַץ מיט איר אַלטן. איין מאָל האָט ער זי געזען. ווי אַנדערש זי איז געוואָרן. זי רעדט שטיל, לערנט זיך און וועט באַלד ווערן אַ געבילדעטע דאַמע. אַמאָל האָט ער אויך ביכער געלייענט, געהאָפט צו זיין עפּעס. איצט — אַ בלויער ים, הויכע שנייאיגע בערג; אַ ווייב, וואָס פּלאָנטערט זיך שטענדיג פאַר די פיס. האַ! האַ! אַרבעט! שטייפער די מוסקלען, פאַרוואָרפן די שטריק, דו, ברודער שלעפּ! כוואַליעס קלאַפּן, כוואַליעס זינגען. שלאָפן קען ער ניט. ווייאָלאַ ליגט לעבן אים, איר וואַרימע האַנט אַרום זיין קערפּער. די האָר אַזוי ווייך. אַך, יענע נאַכט! — ער פאַרמאַכט די אויגן. פערין! אַך, וואַנדערן מיט דיר איבער די פעלדער; זינגען פרייי־לאַך. שרייבן לידער פון זונען־אונטערגאַנג. פייערס צאַנקען און גליען, מאַריאַ שטיל אַרום אים, זי בויגט זיך איבער אים. ווייכע האָר, ליפּן פּליסטערן. מאַריאַ לעזט ביכער. ווי אַנדערש זי איז געוואָרן. פאַרוואָס קומט זי ניט אַמאָל?

ווייאָלאַ איז אין אַכטן מאָנאַט. זי איז קריינקלאַך און אַ גאַנצן טאָג ליגט זי אין בעט. ראַבי פּרוּווט זיין אַזוי צערטלאַך, ווי ער קען. נאָר אַמאָל ווערט אים אַזוי אומעטיג, אַז ער וויל אַנטלויפן. דער גאַנצער קערפּער איז פאַרענדערט און בלויע אָדערן שניידן זיך דורך די הענט און פיס. אָפט ווערט אים אומדערטרעגלאַך און ער שעלט זיך אַליין.

מאַריאַ איז איינמאָל געקומען, געוואָלט נעמען ווייאָלאַ׳ן צו זיך אַהיים, ביז נאָך דעם געבורט פון קינד. ווייאָלאַ האָט ניט גע־

וואָלט, זי וועט בעסער גיין אין שפּיטאָל. אין אַלגעמיין האָט זי זיך ניט פריינטלאַך באַנומען צו מאַריאַ׳ן און אַז מאַריאַ איז אַוועק איז זי געלעגן און לאַנג געוויינט.

ראַבי איז געזעסן אויף דעם דעק פון באַרזשע. דער שניי פון די בערג איז שוין צוגאַנגען. איצט זיינען די בערג געלעגן ווי שוואַרצע פלעקן קעגן הימל. באַלד וועט אַלץ גרין ווערן. דער הימל וועט זיך בייטן, דער ווינט וועט רופן, רופן, און ער וועט זיין ווי אַ הונט געבונדן. בלויע אָדערן, אַ פאַרשוואַלענער קערפּער. מאַריאַ מיט איר ראַזעווען לייב! אַך, וואָס פאַר הונט ער איז! מען טאָר אַזוי ניט טראַכטן! באַלד וועט ווייאָלאַ אַ קינד געבאָרן. אַ ווייב וועט זי אים זיין, און אַלץ וועט זיין צוריק גוט. ער גייט צו איר אין חדר, ער ווישט אירע טרערן אָפּ און זי בליבעט שטיל.

ווייאָלאַ איז אין שפּיטאָל. ראַבי איז אַליין. אַ פולע לבנה שיינט איבערן וואַסער. אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט און איצט אַליין אין דער שטילקייט און די געדאַנקען וואַנדערן, וואַנדערן.

ער גייט צום שפּיטאָל. רווישיגע גאַסן. מענטשן הין־און־הער. דאָ ווערט מען געבאָרן און דאָ שטאַרבט מען. אָרימע מענטשן! וואָלטן זיי אַמאָל די שטילקייט פון די בערג געפילט, אָדער דעם זינגען פון די כוואַליעס און לבנה־ליכט. שטיינערנע שטיגן. זען ווייאָלאַ׳ן קען מען ניט. האָט געבורט־ווייען. עס שטיקט אים אין האַלז. אַ וועלט דאַרף געבאָרן ווערן. ווי אַ שטערן, וואָס ווייזט זיך אין הימל און שיינט מיט זיין אייגנאַרטיגע ליכט.

מאַריאַ קומט אָן. אַ גרויסע מאַשין. זיידענע קליידער. זיינע אויגן דריקן דורך ביז איר לייב. זיי בלייבן שטייןביידע. זי שמייכלט. די ליפּן רויטע. דער פאַרפיום אַ ליידנשאַפטלאַכער, דערמאָנט אָן פרויען שלאָף־חדר און אַ פריש לייב. ער, אין זיינע אַרבעטער־קליידער, דער קערפּער אויסגעקנאָטן פון האַרטע מוסקלען, דאָס געזיכט אַ לאַנגלאַכער, מיט האַרטע געזיכטצוגן, נאָר די אויגן וואַרימע, שיינען און ריידן שטאַרק צו דער לייב פון אַ פרוי!

נאָך דערוויַיל גאָר ניט. זי גייט מיט אים צוריק די שטיגן.

— קום, ראַבי, אין מיין קאַר. קום, זע מיין הויז!

שווייגנדיק זיצן זיי. מאַריאַ פילט, ווי זיין קערפּער ציטערט.

„קום בעסער צו מיר אויף דער באַרזשע. עס איז בעסער".

זי שאָקלט מיטן קאָפּ.

„וואָס האָסטו מורא? דו ביזט מיין שוועסטערס מאַן?"

ער לאַכט.

זיין שטים ציטערט.

„צי געדענקסטו אַמאָל האָסטו מיר געזאָגט, איך זאָל קומען צו דיר? דו לאַכסט?"

„וואָס פאַר אַ מאָדנער דו ביזט. אַ סך מאָל האָב איך גע־טראַכט פון דיר. אין מיין שלאָף קומסטו. אָט איך טראַכט. ווען איך זאָל מיט דיר כאָטש נאָך איינמאָל קענען זיין, ווי דעמאָלט!"

ער נעמט איר אָרום.

„פּע, מען דאַרף ניט!" זיינע ליפּן בייסן זיך אַריין אין אירע.

„הער אויף, ראַבי. דו צוקנייטשסט מיין קלייד. אַך, דו ביזט אַ טייוול. וואָס וועט ווייאָלאַ זאָגן?"

זיי זיינען אויף דער באַרזשע. אַ שטילער פּלאַץ אויף דער צווייטער זייט האַדסאָן. די בערג האַלב גרין, און דער הימל בלוי מיט זילבער וואָלקנס. די כוואַליעס קלאַפּן, וויגט די באַרזשע הין און צוריק.

„דו ביזט אַ שלעכטער, ראַבי! מען טאָר אַזוי ניט טאָן!"

„וואָרום טאָר מען ניט?! גאָט אַליין האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף ליב האָבן. נעם מיך שטייפער אָרום. דו זעסט דאָס וואָסער? אַ סך מאָל האָסטו צו מיר גערעדט פון דער בלויקייט. האָסט גע־צונדן מיין לייב." פון דער ווייטנס. ליפּן מיט ליפּן! דאָס האַרץ קלאַפּט, דער אָטעם שווער, אויף די הענט טראָגט ער זי אין חדר. קלאַפּן די כוואַליעס, וויגן די באַרזשעס און די בערג אָטעמען איין דאָס געהיימניש פון לעבן.

אויף מאָרגן איז דאָס געווען. טאָן איז ניט געווען וואָס. צום שפּיטאָל ניט געוואָלט גיין. עפּעס אַ פּרעמדע דאָרטן, ווייט פון זיין הארצן. מאַריא וועט היינט ווייטער זיין. גוט, וואָס ס'איז דאָ אַזוי פיל פרייד פאַר דעם מענטשן. ער גייט מיט פאַמעלאַכדיקע טריט צום שפּיטאָל. אויף די שטיגן באַגעגנט ער די אַלטע מיט טרערן אין די אויגן. מאַריא וויינט ניט, נאָר דאָס געזיכט קאָר־טשעט זיך אין פּיין. ווייאַלאַ איז מער ניטאָ. ביינאַכט איז זי אַוועק. אַ קינד געבליבן מיט ווייסע סאַמעט־אויגן. ער שטייט ביים קערפּער, די אויגן פאַרמאַכט, דאָס געזיכט פאַרענדערט. ער גייט שנעל אַוועק. די פּיס פּלאָנטערן זיך. מאַריא וויינט קוקנדיק אויף אים. דערנאָך קליינע הענטעלאַך, אַ וואַרימער קערפּערל. ער דריקט אים צו זיך, קען ניט איינהאַלטן די טרערן. ער גייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אַרונטער די שטיגן. מאַריא וועט נעמען דאָס קינד צו זיך, וועט אים זיין אַ מאַמע. זי האַלט אים אונטערן אָרים, פילט דאָס ציטערן פון איר קערפּער און אַ געוויין רייסט זיך פון איר הארצן.

אַליין. שאָטנס ציען זיך פון בערג און ווערן שוואַרצער. מורמלט דאָס וואַסער, רייסט זיך צום ברעג, שפּריצט ווייסע שוים. באַלד וועט אַ שטורם זיין! האַלב טונקל לייכט דער קעראָסין־לאָמפּ. אומעט רייסט זיך פון יעדן ווינקל. איצט איז מיט אַמאָל אַליץ פּוסט געוואָרן. ער האָט ניט קיין באַגער, ווייסט ניט וואָס ער וועט מאָרגן טאָן. ער וועט זיכער וואַנדערן. מיטן שיף אָדער אויף די שטויביגע וועגן. עס ווערט אים אייננג אין האַלז און די אויגן ווערן אָנגעפּילט מיט טרערן. איך האָב ניט געוואָלט זי זאָל שטאַרבן. איך האָב ניט געוואָלט זינדיגן! נאָר מיין הינטיש בלוט איז שולדיג! ער דערמאָנט זיך אָן מאַריאַ'ן. די הענט ציען זיך אין דער ליידיגער רוים. אַ גרויסע אַנגסט כאַפּט אים אַרום. ער קלאַפּט זיך מיט די הענט אין האַרצן! — ווייסע קאָכיגע שוים. דער ווינט רייסט זיך מיט זיין אומרו.

שווייגנדיגע שאָטנס. מאַטע ליכט. איצט געווען. אַוועק. אַ קליינע בעטל. שמייכלענדיגע אויגעלאַך. הענטעלאַך פלעכטן זיך אַרום זיין האַלז. טרערן איבער די באַקן. נשמה־טרערן... וויינען די שאָטנס מיט מאַריאַ׳ן. די ליפּן ציטערן, די טרערן פאַרפראָרן אין די אויגן. דער קערפּער צוקט און פיבערט.

„אַ מאַמע וועל איך אים זיין ראַבי! ווי מיינע אייגענע גע־דערים וואָלטן געוויינטיגט פאַר אים! אין דער שטילער נאַכט וועל איך אים דערציילן פון דיר, מיין ראַבי! זי ווישט די אויגן. דו וועסט אַמאָל קומען? ווער ווייסט וואָס עס קען זיין! דער הימל וועט אַמאָל נאָך שמייכלען איבער אונז“.

אַ דריק דער האַנט. שטילער שלוכצן. די זון פאַרגייט. פון דער וויטן פלאַטערט נאָך איר ווייס קלייד.

דער ווינט ברענגט נאָך אַ גרוס פון איר. עס רויטלט זיך דער הימל. דאָרטן ביים האָריזאָנט וועט ער זיין עלנט האַרץ קענען אויסוויינען. פּערין, ווייס זעגל־שיפן. ערגעץ וועבט זיך אַ טרוים. וויים. ווייט — ער פאַרמאַכט די אויגן. האַ! האַ! נאַריש האַרץ! שטיל. די זון איז פאַרגאַנגען. מער ניטאָ.

אַ פייער ברענט. פלאַקערט קעגן הימל. אַ טאָל־באַן שטאָט אַריזאָנאַ — וואַנדערער פון אומעטום. מידקייט ליגט אויף די פעל־דער. גערויש שרייט אין שטאָט. דאָ איז שטיל. דער פייער זינגט צום הימל. ראַבי מיט דעם געזאַנג פון ווינט. ערגעץ ווייסע הענ־טעלאַך. ערגעץ אַ ווייסע קלייד. אַ טרוים שפּינט זיך אין דער שטילקייט. נאַכט, שטערן, שטילקייט. אַ טאָל אין אַריזאָנאַ — שטיל, שטיל, אייביקייט.

# באַרג אַרויף

„...איך בין אַ פּרעמדער און הונגעריג, קענסט מיר עפּעס העלפן, דזשים?"

ער האָט מיך אָנגעקוקט. זיין ברייטער פּנים האָט זיך אָנגעכמורעט.

„אומעטום די באָמס, פאַרוואָס, צום טייפל, געפינט איר ניט קיין אַרבעט?"

איך האָב באַ מיר אין האַרצן געלאַכט פון זיין בייזקייט. איך האָב געגוג געבעטלט אין מיין לעבן, און שוין דערקאָנט מיינע יאָטן און געוואוסט, אַז ער וועט שוין געבן אַ פּאָר סענט. די בייזקייט איז מער ניט ווי אַן אָנשטעל.

„נו, קום, הינטישער זון, איך האָב דיר געדאַרפט אויסהאַקן דיינע ציינער! יונגערהייט לערנט זיך שוין דאָס לעבן אויף יע־נעמס רעכענונג!" ער האָט אַ שפּיי געטאָן און מער ניט געקוקט אויף מיר.

ער איז געזעסן די גאַנצע צייט און געשוויגן. איך האָב דער־וויל געפרעסן ווי אַ וואָלף. ווען איך בין פאַרטיג געוואָרן, האָט ער באַצאָלט און מיר זיינען אַרויס אין דרויסן. עס איז געווען פאַרנאַכט, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך אין דער שטאָט. מיר זיינען געווען נאָענט פון וואַסער. ער גייט, איך נאָך אים. פאַרוואָס ווייס איך ניט? ווי אַ היימלאָזער הונט וואָס פאָלגט נאָך איינעם, וועלכער האָט געגלעט זיין שמוציגע פעל, אַזוי בין איך אים נאָכגעגאַנגען.

בלייבט ער זיצן האַרט באַם וואַסער. איך אויך. ער קוקט אויף מיר און פרעגט בייז:

„וואָס ווילסטו ווייטער?"

איך שרעק זיך ניט. ער וועט ניט שלאָגן.

„איך בין אַ פרעמדער“, זאָג איך, „נעם מיך מיט אין דיין הויז, מאָרגן וועל איך דיך פאַרלאָזן, און גאָט וועט דיך בענטשן דערפאַר און וועט דיך נעמען אין הימל...“

האָט ער מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר’ן האַלדז, אַ ברום געטאָן — איך האָב זיך גוט דערשראָקן, עס איז אָבער גאָר ניט געווען. און אהיים האָט ער מיך מיטגענומען, — הגם בייז איז ער געווען און גערעדט האָט ער מיט האַס.

„רייד צו מיר ניט פון גאָט, איך קען אים ניט! מיינע אַלע טעג האָב איך געלעבט פון מיין פראַצע און אַז איך האָב ניט גע־אַרבעט, בין איך גע’פּגר’ט פון הונגער!“

מאַרקאָ האָט געהאַט אַ חדר אין אַ אַלט הילצערנער הויז ניט ווייט פון פּאָרט, וואו ער האָט געאַרבעט. אינווייניג אַ פּאָר ביליגע בילדער פון נאַקעטע פרויען, אַ פּאָר ביכער, וואָס האָבן מיך זייער איבעראַשט: „אָסקאַר ווײַלד“ און „דזשעק לאָנדאָן“ האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן. — קוק איך אויף די ביכער און דערנאָך אויף מאַרקאָ’ן. אַ זון־פאַרברוינט פּנים, ברוינע האָר, און די פּלייצעס ברייטע, ריזיגע, די הענט שווערע, ווי אייזערנע שטאַנ־גען, גיי ווייס אַ מענטשן?

אויף מאָרגן בין איך נאָך אַלץ פאַרבליבן. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געווען בא דעם פּאַסיפישן ברעג, דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אַזוי פיל פרוכט־גערטנער, אַזאַ בלוי־ווייסן הימל, אַזוי פיל פּאַלמעס און בלומען, און אין מיט’ן דעם אַלעמען אַ וועלט מיט נויט און הונגער. עס איז געווען אַזוי טראַגיש צו וואַנדערן פון איין טייל שטאָט צו דער אַנדערער. ספּעציעל בא דעם וואַסער־ברעג, וואו אַרבעטסלאָזע קומען זוכן עפּעס צו פאַרדינען און האַלב שטאַרבנדיגע פלעגן זיך טויזנטער וואַלגערן בא די ברעגן.

מאַרקאָ האָט פאַר מיר געקראָגן אַרבעט מיט אים צוזאַמען. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אוממענטשלאַכע. צען שטונדן

פון הויבן און שלעפן. אַ סך מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די מוסקולן פון מיינע אָרעמס וועלן פּלאַצן. די פּאַרדינסטן זיינען געווען קליינלאַכע, די באַהאַנדלונג אַ הינטישע! און איך האָב זיך נאָך געוואונדערט, ווי די אַרבעטער קענען דאָס לאַנג אויסהאַלטן? פאַרביטערט זיינען זיי געווען, פלעגן שילטן איינע די אַנדערע. עס איז ניט געווען אַ טאָג, אַז עס זאָל ניט זיין אַ געשלעג. די ריזן פון פּראַצע האָבן אויסגעלאָזן זייער ביטערניש איינע צו די אַנדערע. און מאַרקאָ פלעגט ריידן מיט ביטערניש וועגן זייער לאַגע:

„ווי הינט רייסן מיר איינע די אַנדערע און זעען ניט ווי די וועלף פאַרצוקן אונז. פאַר וועמען אַרבעטן מיר? ווער טרייבט אונז אַזוי ווי אַ סטאַדע שעפּסן? דאָס פרעגן מיר קיינמאָל ניט! אַנדערע טראַכטן, לעבן פאַר אונז! און מיר זיינען מער ניט געבאָרן געוואָרן אין אַ פינסטערער מינוט. די ערד האָט אונז אַרויסגעוואָרפן פון אירע געדערים און מיר קריכן, ווי ווערים אויף איר הויט".

אין אָוונט האָבן מיר זיך באַגעגנט אין סאַלון, אין אַ חדר פון רויך און גערוך, פון שלעכטע שנאַפּס און שווייס, מיט דאַמען, וואָס האָבן גענוצט אַזאַ פאַרדאַמטן שלעכטן פּאַרפיום, אַז עס האָט געשטיקט אין האַלז. באַם טיש צווישן די גראָבע וויצן האָט מען אַמאָל גערעדט וועגן אַנדערע זאַכן. אפילו פון גאָט דעם הער־שער פון אַלע ווערים, וועלכער גיט צו די רייכע די ערד און פאַר די אָרימע זאָגט ער צו דעם הימל.

מאַרקאָ האָט ליב געהאַט דערציילן געשיכטעס פון „דזשעק לאָנדאָן", און די ריזן פון פּראַצע פלעגן זיצן שטום און הערן. אַ סך זאַכן האָט ער זיי דערציילט וועגן שטעט און לענדער, וועגן מענטשן, וועלכע פריידיגן אַן אַנדער לעבן.

אין דער גאַס, וואו אונזער חדר איז געווען, איז ניט ווייט געווען אַ מיסיאָנס־הויז. מאַטראָזן און אַזוי היימלאָזע האָבן דאָרטן

געפונען אַ פּלאַץ צו איבערנעכטיגן. מאַרקאָ האָט אויסגעמידן די הויז, ווי איינער מיידט אויס אַ פּעסט: מיר האָט ער אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ניט וואַגן גיין אַהין. ער וועט מיר דעם קאָפּ צעברעכן, אויב איך וועל אַמאָל אריינשטעלן מיין פוס אַהין. — זיין אָנזאָג איז געווען איבעריג, ווייל איך האָב בעסער ליב געהאַט פאַרברענגען באַם פּאָרט. מיר איז דעמאָלט ווינציג אין זינען געלעגן וועגן אַזעלכע זאַכן. אין הויז וואו איך האָב געוואוינט, האָב איך זיך באַקאָנט מיט אַ פרוי פון אַ יאָר זעקס און צוואַנציג. דער מאַן אירער האָט זי לאַנג צוריק פאַרלאָזן, — איר האָט דאָס שטאַרק ניט געאַרט. אַ געזונטע איז זי געווען, אַ פול בלוטיגע, אַ פרוי פאַר אַ מאַן. איך האָב דעמאָלט געלעבט אַ ריין פּיזיש לעבן און ווינציג געבראָכן דעם קאָפּ וועגן עפּעס אַנדערש.

האָט פראַנסים איין אויפדערנאַכט דערציילט וועגן „מאַרקאָ'ן“, אַז דאָרט אין דעם מיסיאָנס־הויז איז דאָ אַ מיידל, וואָס העלפט ארוים דעם פּאַסטאָר אין דער הייליגער אַרבעט, אַ הויכע, אַ בלאַסע איז זי, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, מאַרקאָ נעמט איין אַ ניכפּה פאַר איר. ווער קען פאַרשטיין די „הייליגע?“ ער ווערט משוגע, זי איז פאַרנומען אודאי צופיל מיט גאָט!

שפּעטער האָב איך געטראָפן מאַרקאָ'ן מיט איר צוזאַמען שטייענדיג ניט ווייט פון מיסיאָנס־הויז. זיי האָבן ביידע געשוויגן. זי איז געווען ווי אַ חלום! ווי די הימלישקייט, וואָס זי האָט געפּרעדיגט איז געוואָרן אַ טייל פון איר. און אין אים, מיט די ברייטע אַקסלען, האַלז און האַנט האָט אַלץ געזונגען מיט פּיזישער מאַכט!

ווי אַ לייב אין אַ שטייג איז ער געווען די נאַכט. ער איז אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק אָן אויפהער. און די טריט פיבערדיגע האָבן אָפּגעקלונגען אין חדר ווי דאָס קלאַפּן פון אַ פּויק ערגעץ אין דער טיפעניש פון דער נאַכט.

ס'אַרא שטומער ווייטאָג, ס'אַרא פּיין אין די אויגן; ווי אַסיען־בלעטער אין אַ ווינטערדיגער נאַכט, אַזוי האָט זיין פּיין געווירקט

אויף מיין נשמה, זיינע רייד זיינען געפאַלן אויף מיין האַרצן, ווי טראָפּנס רעגן אויפן פענסטער, ווען דער אומעט זינגט אין האַרצן.

דאָס איז געווען דאָס איינציגע מאָל, וואָס ער האָט גערעדט וועגן איר. אין דער נאַכט האָט ער פון הימל, שטויב געמאַכט, און גאָט אַ קרוין פון דערנער אָנגעטאָן.

„העגט האָב איך שטאַרקע, אַ קערפּער געקנאָטן און האַרט געמאַכט מיט קראַפט: איך בין ווי אַ ריזיגער בוים אין אַ ווים־טעניש. איך רייס זיך פון דער ערד און קען זיך ניט באַפרייען“. ער שווייגט אַ סעקונדע.

„איך קען ניט גאָט! איך האָב אים אַרויסגעריסן פון מיין האַרצן עלנט בין איך אַליין געגאַנגען מיין וועג. פרעמד איז ער מיר, דערנער האָט ער פאַרזייט באַ מיר אין האַרצן ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען און מיין האַרץ האָט געווויינט נאָך אַ גלעט, נאָך אַ צערטל, נאָך אַ פּאָר מיט וואַרימע פינגער איבער מיינע האָר, נאָך אַ וואָרט פון טרייסט — איז קיינער ניט געווען. האָב איך מיין האַרץ, ווי אַ וואָלף געדאַרפט אויסוויינען אין דער נאַכט. נאָר שטום בין איך! שטום איז דער הימל איבער מיר, מיינע הענט, פיס, מיין קראַפט דינען מיר ניט, ווען איך וויל דערגרייכן דעם באַרג, ווי אַ לייזיגער הונט וועל איך מיין קבר געפינען דאָ אין דעם שטומען טאָל“.

„זי רעדט פון גאָט! אין מיר שרייט די ערד. זי וויל, אַז די געפאַלענע זאָלן נאָך געפאַלענער זיין, די נידעריגע זאָלן קריכן ווי ווערים פאַר מענטשן און גאָט. איך וויל זיי אויפהויבן; איך וויל זיי זאָלן שטיין ווי גלייכע מענטשן; איך וויל, אַז מיר, די געפאַלענע, וואָס ווערן געדריקט פון גאָט און מענטשן; זאָלן מיט זייער קראַפט מאַכן ציטערן גאָט און מענטשן. איך וויל שטיין אויף אַ הויכן באַרג, מיט דעם פּנים אין דער הויך, צענעמען די אָרעמס און שרייען מיט צאָרן צום הימל. זי וויל מיך נידעריגער מאַכן, מיינע קני זאָלן ציטערן. איך קען ניט!....

אין די קומענדיגע פּאָר טעג האָט זיך מיט אַמאָל אַלץ געענדערט. מיר האָבן קיין צייט ניט געהאַט צו דיינקען וועגן עפּעס אַנדערש. פרייטאָג האָבן די פּרוכט־קאָמפּאַניעס געלאָזט וויסן דורך פּלאַקאַטן, אַז די געהאַלט פון די אַרבעטער ווערט געשניטן פינף סענט אַ שטונדע. די אַרבעטער, וואָס זיינען שוין פון פריער געווען אומרואיג, זיינען איצט געוואָרן אויפגערעגט. אַ גאַנצע רעדל האָט זיך אַרומגעקליבן אַרום מאַרקאָ׳ן, געוואָלט הערן וואָס ער וועט זאָגן. מאַרקאָ האָט שטיל אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן נאָך דער אַרבעט זאָלן אַלע זיך פאַרזאַמלען בא דעם פּוסטן פעלד ניט ווייט פון וואַסער, און דאָרטן וועט מען באַשליסן וואָס צו טאָן.

פול מיט פּולווער איז יענעם טאָג געווען די לופט. האָט איינער פון די אויפזעער זיך פאַרטשעפּעט מיט אַן אַרבעטער, האָט דער אַרבעטער אים אויסגעלאָזן מיט אַ זעץ אונטער דער מאָרדע, די אַרבעטער זיינען געווען צערייצט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אויסצוגיסן זייער צאָרן.

פאַרנאַכט איז מען אַהיים ניט געגאַנגען, דורך פאַרשיידענע וועגן האָט מען דערגרייכט דאָס פּוסטע פעלד. איך מיט אַנדערע אַרבעטער זיינען געגאַנגען דורך „וואָטער סטריט״. מאַרקאָ איז געווען מיט אונז. אין מיטן גאַס, ניט ווייט פון מיסיאָנס־הויז, איז געשטאַנען דאָס גאַנצע בינטל. דער פּריסט, די הייליגע ווייבער, און „זי״. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן איר בליק, ווען זי האָט באַגעגנט מאַרקאָ׳ן, איך האָב געזען די טרערן אויף אירע ברעמען, איר ציטערדיגע ליפּ; איך האָב געזען מאַרקאָ׳ס צוזאַמענגעדריקטע פויסטן; די פּייקלאַך האָבן געקלאַפּט, אַ קליינער אָרגל האָט געשפּילט און זיי האָבן געזונגען.

„נעענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נעם מיין נשמה אין די הימלען צו...״

מאַרקאָ האָט שנעלער געשפּאַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון די קלאַנגען, נאָר די טענער האָבן אַלץ דערגרייכט:

„איך גיב מיין הארץ צו דיר מיין גאָט!
פאַר דיר מיין גאָט! פאַר דיר!“

ווען מיר זיינען אָנגעקומען, איז שוין דער פּוסטער פּלאַץ געווען פול. ווי אַ ווינט האָט די מאַסע געברומט. ווען מאַרקאָ האָט דערגרייכט דאָס הילצערנע קעסטל, און זיין קאָפּ איז אויסגעוואַקסן איבער דער מאַסע, האָט דאָס ברומען מיט אַמאָל זיך אַ ריס געטאָן, ווי אַ שטורעם וואָלט צעריסן די ערד. איך האָב געטראַכט: ווען די גרויסע מאַסן וועלן זיך אָוועקרייסן פון זייער מידקייט, צעשפּרייטן זייערע אָרעמס, געבען אַ געשריי איבער די שטעט, פעלדער און וועלדער, איבער אַלץ, וואָס זייערע הענט און קעפּ האָבן באַשאַפן, ווער וועט קענען איינהאַלטן דעם שטראָם פון זייער צאָרן? וועט זייער אָנגעזאַמעלטע ביטערניש ניט אָפּשווענקען די ערד? וועט די ליד פון דער רויער קראַפט ניט צעטרייסלען די געדערים פון דער ערד און איבערלאָזן אַ פּוסט פעלד? ווי צו די, וואָס האָבן דערצאָרנט די גרויסע שעפערישע קראַפט, ווי צו די, וואָס רייסן די פרייד פון דער וועלט!

איך בין געשטאַנען צו ווייט צו הערן, וואָס מאַרקאָ האָט גערעדט, איך בין געווען צו פאַרנומען מיט די מאַסן אַרום מיר. דערנאָך האָב איך זיך אַליין פאַרלאָרן; איך בין געוואָרן צעזאַמענגעוואַקסן מיט דעם גרויסן שטורעם אַרום מיר. איך געדענק, איך האָב געשריען, צוזאַמענגעדריקט די פויסטן. האָט האָס געשטראָמט פון מיין הארצן; מיינע צעווייטאָגטע מוסקולן האָבן זיך געריסן צום הימל! — איך בין מער ניט געווען, עס איז געווען אַלע! איינער — אַלע!

וואָס איז ווייטער געווען ווייס איך ניט, אַ שעווערע זאַך איז געפאַלן איבער מיין קאָפּ; עמיצער האָט שווער געטראָטן איבער מיינע געדערים; פייער האָט געבליצט פאַר מיינע האַלב פאַרמאַכטע אויגן; דערנאָך שוואַרצקייט מיט שווערע חלומות.

ווען איך האָב אויפגעוואַכט זיינען שוין פילע טעג אַוועק, אַ סך האָבן מיר דערציילט פון דעם בלוטיגן קאַמף; די הערשער פון

לעבן האָבן געוואַלט דעם קאַמף אין בלוט דערטרינקען; מאַרקאַ איז געלעגן אין דער צווייטער בעטל, אַ קויל האָט דורכגעלעכטערט זיין רעכטן אַקסל, ער איז נאָך געווען פיבערדיג, און זי איז געזעסן לעבן אים, געהאַלטן זיין האַנט, אין אירע אויגן אַ געמיש פון שרעק און פיין! — דאָס האַרץ האָט מיר ווי געטאָן פאַר איר, פאַר איר גאָט, פאַר דער ערד, וואָס איז בלוטיג, פאַר דער זון וואָס שיינט איבער אַזאַ עלנט, און אין מיין יונגן האַרץ האָבן זיך קערנער פון ביטערקייט צעוואַקסן, און פאַר מיר באַשטימט מיין וועג.

די אַרבעטער האָבן געזיגט, איך האָב גערעדט מיט מאַרקאַ'ן, „דאָס איז דער אָנהויב, די אַרבעטער האָבן דערפילט זייער קראַפט: זייער ליד וועט אַנדערש קלינגען, די צייט וועט ווייזן, אַז מיר גייען באַרג אַרויף, צו די ברייטע פעלדער פון מאָרגן, צו די בלויע בערג פון מענטשלאַכן גליק“.

מיך האָט מען אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט אַלס „וועגראַנט“ (היימלאָזער). מיט מיין פעקל אויפן פלייצע דורך גרינע פעלדער בין איך געגאַנגען, מיין יונגע האַרץ מיט ביטערניש פאַרזייט; געטראַכט האָב איך, אַז פאַרדינט האָב איך ניט די הערשערס שטראָף, נאָר איצט וועל איך זען דאָס צו פאַרדינען — וועגן, וועגן אומעטום. מיין וועג איז באַרג אַרויף!

# אַ נייער טאָג

איך בין ווי דער פרייער ווינט אין פעלד: אַמאָל זאָרגלאָז און שפּילעווודיג, און אַמאָל טראָגט זיך דער ווינט דורכן פעלד און ווייִנט אויס זיין אומרואיג האַרץ.

איך באַלאַנג צו קיינעם ניט — און צו זיך אַליין אויך ניט. מיין גאַנץ לעבן איז אַ שפּיל פון קאַפּריזן. איך בין שלעכט און איך בין גוט. אַמאָל ביידע צוזאַמען. מיין טרויער און מיין פרייד שטאַמען פון אומבאַשטימטע קוואַלן. איך ליב און איך האַס, ניט וויסנדיג פאַרוואָס... נאָר איין זאַך דאָמינירט מיין לעבן — איך ליב שטילקייט, ווייטקייט, דעם רוף פון ים; אַ פאַרוואָרפענער, פאַרשטויבטער וועג, וואָס קיין מענטשלאַכע פיס האָבן אים לאַנג ניט באַטראָטן, רירט מיך ביז טרערן. דאָרטן קען איך זיצן שטונדן־לאַנג און טרוימען.

ביי מיין וויגעלע האָט מען קיין סך לידער ניט געזונגען. אַן אומעטיג הויז מיט גרויע געקאַלכטע ווענט. אין די ווינקלען האָט אַ שפּין אַ נעץ געפלאָכטן, און מיינע געדאַנקען פליען וואַנדערן ערגעץ ווייט, ווייט...

אין אַמעריקע האָבן מיינע ערשטע טעג די פאַבריקן דערזען. גרויע ווענט, מאַשינען, מענטשן — אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן און געשאַפן ביי מיר אין קאָפּ אַ גרוילאַכע אומעטיקייט. פאַר־נאַכט, ווען אין דרויסן האָט דער הימל אויף מיר אַראָפּגעקוקט, פלעגט מיר דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק ווי טאָן, אַז די טרערן פלעגן קומען אין מיינע אויגן.

נאָר צו וואָס דאָס אַלץ דערציילן?

איצט וויל איך בלויז דערציילן וועגן „ראַמענאַ ראוז", ווייל זינט היינטיקן פרימאָרגן, ווי איך האָב נאָר געעפנט די אויגן,

אַזוי האָב איך דערפֿילט איר אָנוועזנהייט ביי מיר אין חדר. אַז איך האָב נאָר פֿאַרמאַכט די אויגן, האָב איך געפֿילט, אַז זי קניט ביי מיין בעטל און איר אָטעם גלעט מיין געזיכט. דער פֿרילינג־ווינטל, וואָס האָט זיך אַריינגעגליטשט דורכן פֿענסטער, האָט געהאַלטן אין איין מורמלען „ראַמענאַ ראָוז".

* * *

מאָדנע, ווי זאַכן קומען נאָך יאָרן, אָנגעפֿילט מיט אַזוי פֿיל פּאַסירונגען. ווי נאָך אַ ווינטער־חלום צעבליט זיך דער פֿרילינג ביי דיין פֿענסטער. איצט איז דאָך אַלץ אַזוי אַנדערש: ווי אַ פֿויגל מיט צעבראָכענע פֿליגל, קען איך זיך שוין ניט מער אויפֿהויבן און פֿאַרלאָזן מיין ווינקל. נאָר די אויגן זעען ווייט און דאָס האַרץ לעבט מיט טרוימען פֿון אַמאָל.

איך האָב דעמאָלט געאַרבעט ביים האָפֿן. עס איז געווען די צווייטע וואָך בין איך אָנגעקומען אין שטאָט. אַ וואָך צוריק האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין פֿריינט, פֿרעד, וואָס איז אָפּגעפֿאָרן אין וועסט־אינדיע, אין דעם „טרעמפּ סקונער וואַריאַ לענד". איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן אַביסל לענגער אין שטאָט און וואַרטן ביז דער ווינטער וועט פֿאַריבער און די ווייסקייט וועט צורינען פֿון די בערג.

יונג. ערשט געוואָרן אַכצען יאָר.

מיט טרוימען פֿון אַ נאַר, מיט ליבע פֿאַר געוואַגטקייט פֿון איינעם, וואָס האָט גאָרניט צו פֿאַרלירן!

צי מיינע הענט האָבן שווערע אַרבעט געטאָן, צי מיין קערפּער האָט זיך געבאָדן אין שווייס, צי איך בין אַרומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַסט איבער די גאַסן — אַלץ איז פֿרילינג געווען פֿאַר מיר. די ווינטער־קוויטן, וואָס דער פֿראָסט האָט געמאָלן אויף מיין פֿענסטער האָבן געבראַכט זון און ליכט אין מיין האַרצן.

געוואוינט האָב איך דאָן אין דער איסט, נעבן דעם האָפֿן.

מרס. מוירפי, אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר פערציג, מיט איר קליינער קרענקלאַכער טאָכטער העלען, זיינען געווען די איינציגע, וואָס האָבן מיט מיר געוואוינט צוזאַמען אין יענעם הויז. אונטן האָט געוואוינט אַ שפּאַנישע פאַמיליע — אַ מוטער מיט צוויי טעכטער און אַ זון וואָס פלעגט קיינמאָל ניט זיין אין דער היים.

איך האָב מיט אַ קראַנקער ליידנשאַפט ליב געהאַט די קליינע העלען! זי איז געווען אַזוי קליין פאַר אירע אַכט יאָר. דאָס געזיכט ווייס ווי מילך, און די אויגן שוואַרצע — פיבערדיגע.

העלען איז שטענדיג געווען אין בעט. אַ סך מאָל האָב איך זי געטראָפן מיטן קעפּל צוגעשפּאַרט צום פענסטער און מיט טרערנדיגע אויגן קוקן אין דרויסן. די גאַסן זיינען געווען ווייס באַזילבערט פון שניי; ווייסע, זילבערנע פייגל האָבן זיך אויסגעמישט מיט די וואָלקנס און האָבן דערציילט וואונדערלאַכע געשיכטן.

„וואָס זיצסטו אַזוי פאַרטראַכט, העלען?“

זי הויבט אויף אירע אויגעלאַך. די טרערן בלישטשען אין זיי. אירע ליפּעלאַך ציטערן.

„ווען איך וואָלט געווען געזונט, וואָלט איך זיך געגאַנגען גליטשען“. זי פאַרמאַכט די אויגן און אירע ליפּעלאַך ציטערן.

„דו וועסט נאָך געזונט זיין. דו וועסט זען“.

„און מיר ביידע וועלן זיך גליטשען אין שניי, ווי צוויי שטיפערס, און אַ שליטל וועל איך דיר קויפן מיט אַ ווייסער פאָן און אוועקפאָרן וועלן מיר ווייט, ווייט, אַוואו עס איז דאַ אַ סך בערג און דאָרטן וועלן מיר אַ הויז בויען און אַלע טאָג וועלן צו אונז קומען פייגל פון הימל“.

זי האַלט מיין האַנט און טוליעט זיך צו מיר, און אַ שמייכל שפּילט זיך אויף אירע ליפּעלאַך.

„די מאַמע זאָגט אַז דער טאַטע איז אין הימל. וואָס? וועט ער אויך קומען?“

עס שטיקט מיר אין האַלז און איך קען גאָרניט זאָגן. אירע אויגן רוען אויף מיר: שוואַרץ־מאַטע אויגן.

„קען זיין, אַז ער וועט קומען, העלען!" איך קען מער ניט ריידן און איך איַיל זיך צו מיין חדר, וואו זי זאָל ניט זען מיינע טרערן.

פאַרנאַכט בין איך געקומען אַהיים. מאָרגן איז זונטאָג. עס איז ניטאָ וואָס זיך צו איַילן. די גאַסן זיינען שטיל. עס איז גוט אַזוי צו גיין און טראַכטן. פאַר העלענען האָב איך אַ גרויסע ליאַלקע געקויפט. ווי זי וועט זיך דאָס פרייען! אירע הענטלאַך אַרום מיין האַלז און איר קינדערשער אָטעם אויף מיינע באַקן.

איך קום צום הויז. אונטן איז פריילאַך. די מאַמע מיט די טעכטער ווערן אַ פריילאַכע נאַכט האָבן. ביז פאַרטאָג וועט זיך אונטן טומלען. דערנאָך וועלן די פרעמדע פאַרלאָזן דאָס הויז און אונטן וועט זיין שטיל ביז שפּעט אין דער נאַכט.

נאָר איינמאָל האָב איך די טעכטער געזען: טונקל־הויטיגע מיט שוואַרצע אויגן. די יונגע — אַ יאָר אַכצן, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט בלויע קאַרעלן אַרום האַלז, מיט אַ פרישקייט אויף די ליפּן, וואָס דערמאָנען אַז טוי אין פעלד. די עלטערע אַביסל נידעריקער, מיט רויטלאַכע ליפּן און אויגן, וועלכע ווייסן שוין אַלץ. די מאַמע, ווי דער האַרבסט ,אַן אָפּגעבליטע, נאָר זי דענקט נאָך, אַז דער פרילינג איז מיט איר. אָרימע אַלטע!

העלען קוקט אויף מיר מיט טרערנדיגע אויגן: אַזאַ ליאַלקע האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. די מאַמע ווישט מיט דעם פאַרטוך די אויגן, גלעט מיך איבער דער פּלייצע, צערטלט מיך, ווי אַ קינד. אַזאַ גליקלאַכער אָוונט. מיר לאַכן אַלע, ווי קינדער. איך נעם העלענען אויף די אַקסלען. איך וועל זיין דאָס פערדל. מיר שפּילן זיך; אין הויז איז פריילאַך. איך בין שוין לאַנג אַזוי גליקלאַך ניט געוועזן.

דער טומל אונטן איז געוואָרן גרעסער. מרס. מוירפי האָט זיך נערוועז צו מיר געווענדט:

„אַ פאַרשאָלטענע הויז! ניט אומזיסט, וואָס גאָט שטראָפט מיך אַזוי. אַ גאַנצע וואָך זינדיגט מען ערגעץ אַנדערשוואו, און

שבת ברענגט מען די זינד אהיים. ווי די מאמע, אזוי די טעכטער.
גאטס פלאג וועט פאלן איבער דער הויז!"

„יעדער ליידט פאר זיינע זינד", האב איך געלאכט. און גע־
טראכט האב איך, אז די לעצטע צייט בין איך געווארן צו רואיג.
מיין לעבן פליסט צו שטיל: קען זיין, אז עס איז דערפאר, וואס
איך בין מיד געווען, אבער די ווארימקייט פון הויז און העלענס
קליינע הענטלאך האבען בארואיגט מיין בלוט. נאר דערווייל בין
איך געלעגן געמיטלאך אין מיין נעסט און געדרעמלט.

אונטן איז דער טומל גרעסער געווארן. העלען האט ניט גע־
קענט שלאפן. מרס. מוירפי איז אוועק עפעס קויפן און איך בין
מיט העלענען געווען אליין אין הויז. איך האב באשלאסן ארונטער־
גיין אונטן און בעטן עס זאל זיין רואיגער אביסל. איך קלאפ אן
אין טיר. עס דויערט א מינוט ביז מען עפנט. איך שטיי א מינוט
און ריר זיך ניט. א פראכטפול הויז, נאר די ווענט און די מעבל
שרייען מיט זייער קאלירטקייט. עטלאכע מענער, האלב באווישט.
עטלאכע פרויען לאכן האלב היסטעריש. די אינגערע שוועסטער,
פלארא, שטייט ביים טיר, שמייכלט נאכלעסיג. איר שטארק
דעקאלטירטע קלייד און די פייערדיגע אויגן צינדן אן בלוט. בלויז
מיט א ווינקל פון מיין אויג זע איך זי. א פרעמדע, קיינמאל
פריער ניט געזען. פלארא באמערקט מיין בליק, כאפט מיין האנט,
שלעפט מיך אריין אינווייניג און די טיר פארמאכט זיך הינטער
מיר. איך פארגעס זיך צוליב וואס איך בין ארונטערגעקומען.
פלארא פירט מיך פון איינעם צום אנדערן. מיר שטייען לעבן
איר „ראמענא ראוז". פלארא קוקט אויף מיר און לאכט ציניש.
נאר ראמענא ראוז קוקט אויף מיר מיט אירע פיבערישע אויגן
און שווייגט.

* * *

„ראמענא ראוז" איז די טאכטער פון א רייכער פאמיליע. איר
פאטער איז איינער פון די זיילן פון דער געזעלשאפט. אין זיינע
טוך־פאבריקן האבן געארבעט טויזנטער ארבעטער.

אין דער קירך וואו ער האָט באַלאַנגט, איז זיין נאָמען אויס־געקריצט מיט גרויסע בוכשטאַבן ביים טיר. די ווייב, אַ געוועזענע כאַריסטקע און אַ באַרימטע שיינהייט איז געוואָרן אַ פרומע גאָטס־פורכטיגע פרוי און די הויז ווערט געפירט טרוקן — אָן אַ ברעקל סענטימענט.

ראָמענא ראוז האָט זיך געפילט ווי אין אַ שטייג אין הויז. זי האָט געהאַט אין זיך דאָס בלוט פון איר מוטער אין די יונגע יאָרן. צו איר האָט געשריען די וועלט מיט די פאַרבאָרגענע פאַר־געניגענס. יונג איז די מוטער געשטאָרבן. דער פאָטער אַביסל שפּעטער. זי איז נאָך ניט געווען קיין צוויי־און־צוואַנציג יאָר. אַ פאַרמעגן איז איר געבליבן. ווען זי איז געשטאַנען ביי איר פאָטערס קבר האָט זי געפילט, אַז איר באַפרייאונג איז געקומען, און איר האַרץ האָט אַ סך ליכטיקייט דערזען.

ראָמענא ראוז האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט איר פרייהייט. איר וועלט איז איר יונג געווען. זי האָט געזוכט עפּ־וואָס, וואָס איז אַ קאָנטראַסט צו איר פריערדיגס לעבן! זי האָט געהאַט די פּאָלירטקייט און זאַכלאַכקייט פון איר וועלט, האָט זי געזוכט צו דערגרייכן דעם סאַמע אָפּגרונט. אין דער שטאָט זיינען פאַראַן פיל ווינקעלאַך, וואו די רייכע פּאָלירטע דאַמען קומען זע־טיגן זייער הונגער.

ראָמענא ראוז האָב איך קיינמאָל פריער ניט געזען. נאָך יענעם אָוונט, ווען איך האָב זי דערזען, איז ביי מיר געבליבן אין האַרצן אַ ליכטיקייט.

* * *

עטלאַכע מאָל האָב איך געזען פלאָראַ'ן פאַר דער צייט. מיר האָבן זייער ווייניג גערעדט צווישן זיך. מיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט עטוואָס אַנדערש. דעם אָוונט האָב איך זי געטראָפן ביים טיר און איך האָב זיך געוואונדערט פון וואַנען

זי איז אַרויסגעוואַקסן. איך בין זייער שלעכט געשטימט געווען דעם אָוונט און איך האָב געוואָלט פאַרבייגיין.

„וואָס לויפסטו אַוועק?“ האָט זי מיך אָנגעפרעגט.

„לאָז צורו!“ האָב איך זיך געבעטן.

„וואָס, דו האָסט מורא פאַר מיר?...“ זי האָט סאַרקאַסטיש אַ לאַך געטאָן.

„כאַפּט דיך דער טייוול! איך פיל זיך ניט גוט און איך וויל זיין אַליין!“

„קום, קיינער איז איצט ניטאָ. די מאַמע מיט דער שוועסטער זיינען אין באָסטאָן.“ זי האָט צוגעדריקט איר ברוסט צו מיר און שטיל גערעדט:

„איך האָב געוואַרט אויף דיר!“ זי האָט מיר גענומען פאַרן האַנט און מיר זיינען אַריין אין זייערע צימערן.

אַ זיסלאַכער פּאַרפיום האָט זיך געגאָסן איבער מיינע גלידער. דעם ראָק אויסגעטאָן, בין איך געלעגן אויף אַ ווייכן דיוואַן.

פלאָרא איז געווען אין צווייטן חדר.

די לופט, די גאַנצע אַטמאָספערע, האָט דערציילט פון זינד. יעדעס ווינקל האָט געשריען מיט באַהאַלטענער ליידנשאַפט.

דאָך איז מיין בלוט שטיל געווען און מיין האַרץ האָט געוויינט מיט אַ טיפן פיין.

אַ זיידענע נאַכטקלייד האָט באַדעקט איר לייב. זי איז גע־זעסן ניט ווייט פון מיר. אירע אויגן האָבן העל־פיבעריש גע־שיינט. זי איז געווען אַ גראַציעזע באַשעפעניש, באַזאָרגט מיט אַלע פיינע אינסטינקטן פון אַ פרוי, וואָס גייט אויף פאַנג: איר שטילער ווינקן זיך מיטן קערפּער, איר בויגן זיך אין אַזאַ פּאָזיציע, אַז איך זאָל זען איר נאַקעט לייב, איר שווייגן און קוקן אויף דער ערד — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אויפזידן מיין בלוט און דעם חדר אָנגעפילט מיט אומזיכטבאַרע פייערלאַך.

אַ לאַנגער שווייגן: ביידע, פול מיט דערוואַרטונג. עס גיט אַ ציטער איר ברעם.

„צי האָסטו מורא זיך צוצורירן צו מיר, מעק?“ איר שטים ציטערט.

„פאַרוואָס רעדסטו אַזוי, פלאָרא? דו ביזט דאָך ניט מער ווי אַ קינד! דו קענסט דעם פאַרשטיין, וואָס דו טוסט?...“

„פאַררייד ניט די ציינער! ווען דאָס וואָלט געווען יענע אויף מיין אָרט, וואָלסטו אַנדערש געהאַנדלט! דו דיינקסט, איך וויים ניט? נעכטן אַ גאַנצן טאָג האָסטו זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ הונט, אַרום איר הויז.“

עס ווערט מיר שווער אויפן האַרצן. דער קאָפּ ברעכט און איך קען ניט טראַכטן. און זי רעדט ווייטער.

„זיי מעגן אַלץ! אין זייערע הייזער וואָלטן זיי דיך ניט אַריינגעלאָזן. און גאָס וואָלט זי מיט אַזוינע, ווי מיר, ניט גערעדט: קומט אַהער, ווען זי וויל. נעמט אַוועק די שענסטע, וואָס מיר האָבן, און לאַכט פון אונזער גלייכן...“

איך פאַרדעק די אויגן מיט מיינע הענט.

* * *

ראָמאַנאַ ראָוז איז געקומען צו מיר. איך בין געזעסן ביי העלענס בעט, דערציילט איר אַ וואונדערלאַכע געשיכטע פון טרוימען־וועלטן. געוואָלט האָב איך זיך פאַרגעסן גלייך מיט איר און טרוימען וועגן זאַכן, וואָס זיינען פילייכט ניטאָ.

זי איז אַריין שטיל. געשטאַנען לעבן העלענס בעט. צום ערשטען אויף מיר ניט געקוקט. דערנאָך האָט זי אימפּעטיק אויסגעדרייט איר קאָפּ צו מיר. ווי פליגלען האָבן זיך אירע אָרימס געוויקלט אַרום מיר. זי האָט געבליפּעט שטיל. העלען האָט אַזוי וואונדערלאַך געקוקט אויף אונז. אַוועק איז זי שפּעט. מאָרגן וואַרף איך מיין אַרבעט און איך פאָר מיט איר צו איר הויז ביים וואַלד, וואָס זי האָט געדונגען. דאָרטן וועט אונז קיינער ניט שטערן.

העלען האָט ניט געוויינט. אירע אויגן האָבן פיבעריש זיך געצונדן, אירע הענטלאך האָבן זיך שטאַרק איינגעדריקט אַרום מיין האַלז. דערנאָך האָט זי מיט אימפּעט מיך אָפּגעשטויסן און איז אַנידערגעפאַלן אַ בליפּנדיקע.

„איך וועל צוריק קומען, טייערע. ווען דער פרילינג וועט קו־מען, וועלן מיר ביידע פאָרן צום וואַלד. ווילדע בלומען וועל איך פאַר דיר רייסן און דערציילן וועל איך דיר וואונדערלאַכע געשיכטן".

זי שמייכלט דורך טרערן.

„וועסט זיך ניט פאַרגעסן?"

„קיינמאָל ניט".

זי קושט מיר אין די ליפּן און דאָס הערצל וויינט אין איר. איר מאַמע שטייט ביים פענסטער און ווישט זיך מיטן פאַרטוך די אויגן.

אונטן וואַרט פלאָרא. שטייט האַרט ביים טיר. שיין איז זי איצט מיט דער זיידנקלייד אַרום אירע גלידער, מיט דעם נעזל פאַריסן און מיט די שוואַרצע ברענענדיגע אויגן.

איך בלייב שטיין און קען ניט ריידן. דאָס האַרץ איז שווער.

„דו גייסט צו איר?"

אירע ברעמען ציטערן.

„דו וועסט צוריק קומען!"

„געוויס וועל איך צוריק קומען!"

„דו האָסט דאָס ניט געדאַרפט טאָן! דו וועסט איר שנעל מיאוס ווערן און זי וועט דיך אָוועקוואַרפן, ווי אַ קינד אַ שפּילצייג! זיי קענען ניט ליבן, ווייל אַלץ קומט אַזוי לייכט אָן. אָט האָט זי דיך גענומען. וועט זיך אָנזעטיגן מיט דיר און דיך אָוועקוואַרפן. און אַז דו וועסט צוריק קומען וועט שוין פיליכט זיין שפּעט".

פלאָרא דריקט איר קערפּער צו מיינעם. אירע אויגן גליען.

„דו ווייסט דאָך, אַז איך קען דיר געבן מער ליבע אין אַ מינוט, ווי זי אין איר גאַנצן לעבן!"

און אירע ליפּן באַרירן מיינע. דער פלאַם, וואָס שטראָמט אין מיין בלוט, פלאַמט העכער. און די שטים פון מיין בלוט איז אַלע מאָל העכער, ווי די שטים פון מיין הארצן. דערנאָך אַ גע־זעטיגטער, וואַנדער איך אַרום פאַרלאָרן איבער די גאַסן און האָס זיך אַליין.

איך האָב ליב שטילקייט — די שטילקייט פון בענקען און טרוימען. קיינער קען ניט פילן דעם זין פון לעבן, אויב ער איז אַמאָל ניט געווען אין וואַלד אָדער פעלד אַליין מיט דעם הימל איבער זיין קאָפּ. אַמאָל שרייט די שטילקייט, רייסט דעם הימל, און אַמאָל פאַרגייט דאָס האַרץ אין פּיין. די שטילקייט טריפט ווי באַלזאַם פון דער לופט און רופט אַרויס פּיין און בענקשאַפט אין דער נשמה.

שוין דעם צווייטן טאָג, אַז ראָוז איז אַוועק אין שטאָט און איז נאָך ניטאָ. וואָס איך זאָל ניט טאָן, קען איך זיך ניט באַ־פרייען פון טראַכטן וועגן איר. די לופט אין חדר, די בעט, די ווענט וויינען מעלאַנכאָליש אַרונטער, ווען זי איז ניטאָ. איך פּרואוו ליגן אין בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן און טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. נאָר אַלע געדאַנקען מיינע זיינען פאַרנומען מיט איר. און מיין האַרץ וויינט: פיליכט וועט זי שוין מער קיינמאָל ניט קומען?

איך שטיי ביים פענסטער. די גאַנצע פעלד איז שניי־ווייס. דער וואַלד און די ביימער גיסן אומעט אין מיין בלוט. דער מערב־ווינט דערמאָנט מיך דאָס וויינען פון וועלף ביי די ברעגן פון אַריזאָנאַ וויסטעניש. איך שטיי ווי אַ געפאַנגענער ביי דעם פענס־טערל און בענק נאָך דער ליכט פון דער זון.

אויף מאָרגן איז זי געקומען. געבראַכט האָט זי אַ סך זאַכן און געפרייט זיך, ווי אַ קינד מיט די שפּילצייג. אַ גאַנצן טאָג איז זי געווען פאַרנומען מיטן אָנמעסטן אירע נייע קליידער און עסן קאָנפעקטן. אָן מיר האָט זי פאַרגעסן. געוואוסט האָב איך,

אז אמאל וועט זי זיך אזוי פארשפילן און מיר איבערלאזן אליין — אליין.

די זון איז פארגאנגען; די פעלד, די הויז זיינען צוזאמענגע־גאסן געווארן אין א שטיק פינסטערניש. דער ווינט איז שטיל גע־ווארן. דער הימל האט זיך באצויגן מיט א כמארע. זי זיצט לעבן מיר און די פארפיום פון איר קערפער צוגיסט זיך דורכן חדר. איר הויט איז אזוי ווייך. איר געזיכט וויים, די אויגן — טיף.

מיין הארץ וויינט פון בענקשאפט אין טיפן פיין, און מיינע ארימס ציטערן ארום איר. הגם איך פיל זי לעבן מיר, בלייבן די פינגער ליידיג. ווי שפינוועב ווערט דער נעץ צוריסן, נאר עס בלייבן הענגען פעדים, וואס וועלן זיך ציען אייביג צווישן אונז ביידן.

שוין איבער א וואך, אז מיר זיינען צוזאמען. ראוז איז אומ־רואיג. זי גייט ארום א ברוגז׳ע און רעדט ווינציג. איך ווייס ניט וואס צו טאן מיט איר. איך האב מורא זי אנצוררירן. די לעצטע עטלאכע טעג האלט אין איין שנייען. עס שטורמט אין דרויסן און מיר ליגן באגראבן אונטער דעם שניי. זי אן אומרואיקע און איך מיט א פיין אין הארצן. דער פייער אין אויוון גליט און אין הויז איז ווארים, נאר אויף דער נשמה איז פיינלאך־שווער.

מיר ליגן אין בעט און איך שלאף ניט. זי מאכט זיך שלאפנדיק. נאר איר אומרואיקער אטעם ווארפט זיך ווי א קראנק קינד. איך ווייס, אז זי מאכט זיך נאר שלאפנדיג. גאט ווייסט וואס זי טראכט. און איך ליג מיט א הונגער אין מיין בלוט. מיין לייב שרייט נאך איר לייב. איך האלט מיינע הענט. איך ציטער פון איר אטעמען. באלד וועט אלץ זיין פאריבער. נאר שאטנס וועלן זיך דרייען אין חדר און וועלן זינגען פון מיין פיין.

זי כליפעט שטיל און רוקט זיך אוועק פון מיר.

„ראוז, ראוז! פארוואס וויינסטו?“

„עס איז מיר שלעכט און אומעטיג“.

איר קאָפּ איז אָנגעשפּאַרט אויף מיין ברוסט.

„וואָס זאָל איך טאָן, ראָוז? איך ווייס ניט וואָס צו טאָן! קען זיין, אַז דו ביזט גערעכט. דו ביזט פון אַנאַנדער וועלט. נאָר קען דיר עמיצער געבן מער ליבע ווי איך? און אויב איך בין דיר מיאוס געוואָרן, וועל איך אַוועק. זאָל זיין וואָס עס וויל — איך קען דיין אומעט מער ניט פאַרטראָגן!"

אירע הענט וויקלען זיך אַרום מיין האַלז. איר ברוסט איז פיבערדיג. דער קעראָסין־לעמפּל צעפלאַקערט זיך מיט אַ העלער רויטקייט. דער ווינט שרייט, שרייט; רייסט זיך דורך מיין בלוט, צוגיסט זיך אין פלאַמען און פאַרטרינקט די נאַכט.

שוין אַ וואָך, אַז זי איז אַוועק און איך בין אַליין. אַ גאַנצן טאָג שטיי איך און קוק דורכן פענסטער און איך ווייס, אַז זי וועט צוריק שוין ניט קומען.

* * *

ערגעץ דרעמעלט דאָס שטעטל, וואו איך בין געבאָרן. דאָרט האָב איך אין שפּינוועב מיינע טרוימען איינגעפלאָכטן, אַליין אין מיין שטעטל. אַליין אין פאַבריק. רוישן די מאַשינען, זינגט דאָס לייד־ליד פון אונז אַלעמען. נאָר איך בין עס אַליין.

איך קלעטער אויפן באַרג. מיר ווילט זיך דערגרייכן דעם שפּיץ און דאָרטן זיך זעצן רוען. אין שטאָט איז שוין זיכער דאָס שניי צוגאַנגען. דאָ ליגט נאָך דאָס פעלד פאַרזייט מיט אַ בלענדנ־דיקע ווייסקייט. ענדלאַך דערגרייכט די ענדע פון באַרג. די בוי־מער וועלן זיכער באַלד בליען. דערווייל הענגען די צווייגן באַ־זילבערטע, ווי דער הימל איבער זיי. אומעטום ווייסקייט. ווייסער אומעט וועבט זיך אין מיין האַרצן. אַ שווייגעדיגער שטיי איך, וואַרט ביז די זון פאַרגייט.

צוריק אין שטאָט. אַ קבר פון מיליאָנען מוראשקעס. יעדער איינער מיט זיין אייגענעם חלום. יעדער איז אַ נאַר ביי זיך אין

הארצן פונקט ווי איך. עס איז מיר אומעטיג און עס איז ניטאַ וועמען די האַנט צו דריקן.

איך שטיי ביי העלענס בעטל. אירע פיבערדיגע אויגן שלינגען מיר. די מאַמע וויינט.

„נעם מיר אַרום, העלען!“ אירע ליפּן פיבערדיגע.

איך שטיק זיך מיט טרערן.

„העלען! העלען!“

זי קוקט מיר אַזוי מאַדנע אָן. אירע בלוטלאָזע ליפּן שמייכלען. איך פאַרמאַך די אויגן: טויט, טויט!

פרילינג צוגיסט זיך איבער די גאַסן. העלען איז אַ ברעקל ערד. און די זון זילבערט פון הימל אַראָפּ. באַלד וועט זיך די ערד צובליען. נאָר פאַר מיר וועט דער אומעט בליען.

פלאַרא מיט איר מוטער און שוועסטער האָבן פאַרלאָזן זייער וואוינונג, ווען איך בין אין שטאָט ניט געווען. איצט, אַז איך פלעג קומען אַהיים, פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז העלען וואַרט אויף מיר אין איר בעטל. דערנאָך פלעגט אַ קעלט דורכשניידן מיין ליב, און איך האָב געזוכט צו זיין ווינציג אין הויז, ווי מעגלאַך. איך האָב שטענדיג אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן ציל־לאָז. געאַרבעט האָב איך ווייניג. דאָס לעבן האָט זיך געצויגן ווי אַ קאָשמאַר.

איינמאָל, פאַרנאַכט, ווען איך בין געזעסן איינגעהויקערט אין פּאַרק און געטראַכט מידע געדאַנקען, האָט עמיצער אָנגערירט מיין אַקסל. פלאַראַ איז געשטאַנען לעבן מיר. אירע אויגן זיינען געווען פייערדיג. דער קינדערשער בליק איז פאַרשוואונדן פון זיי, נאָר זי איז געווען ווי אַ צובליטער קאַרשענגאָרטן. זי האָט זיך ווינגדיק אַוועקגעזעצט לעבן מיר. איך האָב אַרונטערגעלאָזן די אויגן. זי האָט גענומען מיין האַנט אין אירער און האָט זי געגלעט. ריידן האָב איך ניט געקענט. נאָר דער גאַנצער ווייטיג, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין מיין האַרצן, איז צושמאָלצן ווי די שניי אין פרילינג.

נאַכט אַרום אונז. טיפע שאָטנס. שלאָפן — שלאָפן מירביידע ניט. אירע אָרימס זיינען ווייכע. איך אָטעם פיבערדיג. עס איז גוט צו פילן איר וואַרים לייב לעבן זיך. איך טראַכט, אַז פיליכט איז דער אַ נאַר וועלכער זוכט זיין גליק ביי זיך אין האַרצן און אַן זיין אייגענער וועלט. פיליכט וועל איך קענען מיין לעבן צוזאַמענשמעלצן מיט די ליידן פון אַנדערע און שאַפן אַן אַנדערן לעבן. ווער ווייסט? מאָרגן קומט אַ נייער טאָג...

# מיין חלום

„נאַ דיר אַ פּאַפּיראָס, ברודער. אויב דו ביזט הונגעריג, נאַ דיר געלט; גיי, עס אָפּ און קום צוריק. און אַז דו וועסט מיך ווערן, וועסטו גיין דיין דיין וועג. איך וועל דיך ניט פרעגן וואוהין. עס מאַכט ניט אויס. איך וועל דיך זיכער שוין מער ניט זען. שמייכל ניט, איך האָב היינט ניט געטרונקען. איך בין אָביסל מיד, דאָס אַלץ. אָט זיינען די בוימער דאָ מיד און דער הימל איז אַזש גרוי און די גראָז בענקט נאָך רעגן.

„דו דאַרפסט ניט שמייכלען. איך מוז איצט ריידן! אַמאָל האָב איך געקענט זיצן אין פעלד און ריידן צום ווינט—דערציילן די בוימער אַלעס. איצט מוז איך האָבן אַ מענטשן, מוז הערן דאָס קלאַפּן פון אַ האַרץ און דו וועסט מיך מער ניט זען. און מאָרגן וועסטו פאַרגעסן אָן מיר. אַזוי איז בעסער. אַ סך בעסער.

„עס איז גוט, וואָס דיינע האָר זיינען גרוי און דיין וועג איז באַלד פאַריבער. איך זע, דו ביזט אַ וואַנדערער. דיינע שיך צוריסן, דיינע קליידער פאַרשטויבט, דיינע אויגן מיט זונען־ליכט. . דיין שווייגן דערמאָנט מיך די שטילקייט פון בערג ביי נאַכט. מאָרגן וועסטו דיין וועג ערגעץ אַנדערש פירן, און איך וועל וויינען נאָך דיינע פאַרלאָרענע טריט.

„נאָר לאָמיך דיר דערציילן. דו מעגסט שמייכלען. עס מאַכט ניט. דו וועסט מיך אָבער אויסהערן, ווייל כוואַליעס פון ווערטער שטיקן מיך און צו דיר קען איך דאָך ריידן מיט אַ נאַטירלאַכער שפּראַך, פריי, אָן באַפּוצונגען, רוי ווי די ערד. און קיינער וועט דאָך ניט הערן, נאָר דו און די נאַכט.

„איך טראַכט, אַז אַ מענטש ווי איך טאָר ניט זיין סענטימענ־טאַל. מיין אַרבעט איז אַ באַשטימטע. איך בין איינער פון די

פילע, וועלכע דינען און דאַרפן זיך אָפּערן פאַר דעם גליק פון אַנ־
דערע. אַביסל גליק פאַר אַלעמען. איך זע, דו שמייכלסט? קען
זיין מיט רעכט. איך האָב אָבער מיין וועג אַליין אויסגעקליבן,
פּונקט ווי דו דיין וואַנדערשטעקן.

„האָסטו אַמאָל ליב געהאַט? דו דאַרפסט ניט ווערן אומעטיג.
איך קען דיין גלייכן. ניט אומזיסט האָב איך געוואַנדערט, ווי דו,
דעם זעלבן וועג פון אייביגע בייטונגען האָבן די זעלבע שטערן
באַצירט פאַר מיר דעם הימל. האָט דער זעלבער ווינט מיך פאַר־
וויגט.

„אַ סך מאָל האָב איך געטראַכט, אַז מיין וועג דאַרף זיין אַנ־
דערש, און אַז אַ פרוי איז מער ניט באַשאַפן צו שטילן דעם בלוט־
הונגער. דערנאָך, אַז מען איז זאַט, פילט מען מיד פון אַלעס,
וואָס איז פרוי. עס איז אָבער ניט אַזוי. יעדע פון זיי, וועלכע
האָט אַמאָל באַריִרט מיין לעבן, האָט איבערגעלאָזן אַ ציטערדיגע
בענקשאַפט אין מיר.

„אַמאָל האָב איך איינע געטראָפן אין גאַס. אַלע מאָל בענק
איך נאָך איר! אין די שאָטנדיקע נעכט זוך איך זי אַרום. עס
איז אַ טייל פון מיין בלוט. עס איז דער באַהאַלטענער באַגער,
וואָס איך וואָלט געוואָלט זען און קען ניט.

„אַ יונגע געווען, מיט גרויע אויגן און ליפּן ליידנשאַפטלאַכע.
ניט קיין הויכע, נאָר גלידער צאַרטע, בענקענדיגע, און איך האָב
געטראַכט: ווי לאַנג וועט זי געדויערן? אַ שמעטערלינג. געווען —
ניטאָ! גאָר אַ שיינעם לעבן געלעבט, און דער פלאַם, איידער ער
האָט פאַרברענט אירע פליגלען, האָט איר אַלעם דערציילט, אַלע
געהיימניסן אַנטדעקט.

זיצן מיר ביי איר אין חדר. האַלט זי אירע אָרימס אַרום
מיין האַלז. צערטלט אַ ווינטל דורכן פענסטער. דערמאָנט אַן
ברייטע פעלדער. איר לייב איז פריש, ציטערדיגע לייב, און איך
טראַכט: געדאַרפט איר פאַר מיין ווייב מאַכן. זי איז דאָך מיר
אַזוי ליב. איך מיט דער נשמה פון אַ ציגיינער, און זי — — —

איך האָב אַ פריינט, אַ ליבער מענטש; אַ פירער, אַ דענקער, מיט גרויסע וויזיאָנען פאַר אַ שיינעם לעבן. אַ גרויסע ווירקונג האָט ער אויף די מאַסן. זיי האָבן אים ליב! אַליין אַ הויכער, מיט אַן אומבאַשטימטן קאָליר אין די אויגן; דאָס געזיכט בלאַס, געלבלאַך, דער גאַנצער קערפּער קאָכט מיט ענערגיע, און דאָך האָט ער ליב, ווי איך און דו — און ווען ער איז מיט איר צוזאַמען, איז ער נאַריש ווי איך און דו — האָב איך אים אַמאָל געזען — און זיך אַליין געזען. און געטראַכט האָב איך, אַז מיר זיינען אַלע פון איין ליים געקנאָטן.

נאָר לאָמיך דיר דערציילן די געשיכטע פון אַ ליבע.

זי איז געווען אַ פרוי מיט הויכע אידעאַלן, מיט אַ שטאַרקן גלויבן אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. איך — אַ פאַרבי־טערטער, אַ מידער פון נאָך אַ קאַמף. געוואָלט האָב איך פאַר־געסן אַלעס, אין אַלעמען אויספּלאָנטערן מיינע געדאַנקען און לעבן מיין לעבן!

אַ פיבער האָט מיך אַריינגעכאַפּט, אַ קראַנקע ליידנשאַפט האָט זיך צוגאָסן אין מיין בלוט. מיינע אויגן האָבן נאָר איין זאַך גע־זען — פרוי!!! אַלע טעטיגקייטן פאַרלאָזן. ניו־יאָרק מיט איר אָפּגרונט, איסט און וועסט. אין יעדער גאַס איז דאָ אַ הויז, אין יעדער הויז איז דאָ אַ פרוי, און אַלע — יונג און אַלט, האָבן מיר פאַרשטעלט דאָס ליכט פון דער זון.

פרויען זיינען אַ נויטווענדיקייט! פרויען זיינען אַ געשאַנק און אַ פלוך פון די געטער. ניטאָ דער מענטש, וועלכער האָט עפּעס גרויסעס געשאַפן, וועלכער איז ניט געווען אונטער דעם איינפלוס פון אַ פרוי! גאָט האָט דעם מענטשן געגעבן אַ זין אין דעם גרויסן פּלאָנטער, ווען די פרוי איז געבאָרן. און דאָס זאָג איך איצט, ווען די רואיקייט, וואָס קומט מיטן עלטער, ליגט ווי אייז אויף מיין קאָפּ, ווען מיין לעבן איז אַריינגעפלאָכטן אין קאַמף פאַר מער גליק פאַר אַלעמען.

פילייכט איז דאָס געווען די מוזיק, די אומעטיגע ראָמאַנסן, דורכגעפירט פון דעם סימפאָני אָרקעסטער. אָדער די לבנה, וועלכע איז אפילו אַרומגעשוואומען און זיך אַלעמאָל געטונקט אין די וואָלקנס. דער סטאַדיום מיט דעם האַלב־קרייז פון שטיינערנע טרעפּ, מיט מענטשן האַלב־וואַכנדיג, האַלב טרוימענדיג. דאָס פאַר־שווינדן פון די טענער ערגעץ אין דער טיפעניש פון דער אייביקייט, אַלץ האָט געדריקט מיך און פאַרוויגן אין אַ האַלב־דרעמלענדן צו־שטאַנד. אין אַ רואיקייט האָט זיך געוויגט מיין נשמה.

שפּעטער האָב איך איר באַמערקט. אַ בלייכער געזיכט מיט גרויסע פיבערדיגע אויגן, מיט לאַנגע, שוואַרצע ברעמען — די ווייס קלייד, די הענט מיט לאַנגע, דינע פינגער האָט ווי אַ פיבער גע־ווירקט אויף מיר.

האָט זי דערפילט מיין אומרואיקייט, זיך אַביסל אָפּגערוקט פון מיר, און אירע דינע לאַנגע פינגער האָבן זיך אומרואיג גע־קנייטשט. האָט זיך איר קליין מויל שטייפער פאַרמאַכט און די ברעמען האָבן זיך ביי איר אַרונטערגעלאָזן און געציטערט — און איך האָב שוין מער די מוזיק ניט געהערט.

האָבן מיינע פינגער זיך געפיבערט, זיך געצויגן צו אירע, זיך אַנגערירט אָן איר. דערנאָך האָט איר האַנט געציטערט אין מיי־נער. זי האָט געשוויגן! געזעסן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, זיך געוויגט נאָכן קלאַנג פון די טענער. דערנאָך געעפנט די אויגן, געקוקט גלייך אויף מיר פּאַמעלאַך אַרויסגעצויגן איר האַנט. די ליפּן האָבן זיך געעפנט, נאָר געזאָגט האָט זי גאָרניט, נאָר אירע אויגן האָבן געפראָרן מיין האַרץ.

אַ גראַציעז באַשעפעניש, מיט ווייכע, פּלאַסטישע גלידער, ניט איינגעצאַמט אין קאָרסעט, מיט דער דינער קלייד לויז אַרום איר לייב, האָט יעדעס גליד גערעדט צו מיין בלוט, און ווי אַ טרוים זיך געוויגט צו די טענער פון די „קאַווקאַזישע סקעטשעס“.

האַדסאָן טייך, צוויבערער פון דער נאַכט. בערג־ריזן פון דער ערד. ליכט־פונקן פון צווייטן ברעג. הימל־אייביגער סוד. שטערן־

וועלטן און וועלטן! און זי מיט מיר! ליב, צאפּלדיגע ליידנ־שאַפט! און איך, וועלכער האָב מיין וועג פאַרלאָרן, איך געפין טרייסט אין דער שטים פון מיין בלוט.

„איר ווייסט? איך בין אַ פאַרהייראַטע פרוי!“ — לאַכט זי.

„מאַכט דאָס אייך דען ווינציגער שיין?“ — ענטפער איך.

זי צעלאַכט זיך:

„וואַרט, אַז מיין מאַן וועט זיך דערוויסן, וועט איר אַנדערשריידן“.

„וואָס וועט ער מיך טאָן?“

„אַ, ער וועט אייך מאַכן פאַר אַ קאַליקע!“

„נו, דאָס איז גאָרניט! עס איז ווערט. איין מאָל לעבט מען!“

זי קוקט אויף מיר בייז, גיט אַ הויב די אַקסלען. אירע אויגן ווערן קלענער, טונקעלער.

„איר דענקט, איר וועט ביי מיר עפּעס קריגן? איך קען אייער גלייכן. זייט מיר געזונט.“

זי בלייבט שטיין, און איך אויך. איך וויל עפּעס זאָגן, נאָר די צונג איז שווער. איך שעם זיך פאַר מיינע אייגענע געדאַנקען — אַ קאַלטער ווינט רייסט זיך פון וואַסער. זי גייט אַרויף די טרעפּ. איך נאָך איר.

„איר זאָלט מיר ניט נאָכגיין!“

אירע אויגן בייזע. איך שווייג ווי אַ צעשראָקן קינד און בלייב שטיין, און זי פאַרשווינדט אין דער גאַס.

שווערע אומעטיגע טעג. שווער צו לעבן, ווען דאָס לעבן איז אָן אינהאַלט. גרויער אומעט האָט זיך געפלאָכטן אין מיינע טעג. ניט געווען דער צויבער פון קאַמף! אַלע מיינע אידעאַלן און גלויבונגען זיינען זיך צורונען. מיינע געטער האָבן מיך אָפּגע־נאַרט! אַ גאַנצן טאָג אין פאַבריק. גאָט, ווי מאָנאָטאָן! ניטאָ קיין זין אין דער אַרבעט, ניטאָ קיין באַגער צו אַנטלויפן! ניטאָ דער גלויבן, אַז אַמאָל וועט אַנדערש זיין.

מאָרגנע, ווי אין אַזעלכע שטימונגען בענקט מען נאָך דעם שמייכל פון אַ פרוי, נאָך אַ גלעט פון אַ ווייכער האַנט, נאָך אַ בליץ פון אַ פּאָר אויגן, וועלכע זאָלן צוזאָגן אַזוי פיל! און מאָרגנע, ווי אין אַזעלכע טעג קומט קיינער ניט צו דיין טיר. און די קאָפּ איז מיד און דאָס האַרץ איז שווער. און דו טראַכסט, אַז גוט איז דעם גלויביגן.

זוך איך אַמאָל אַ חדר. גיי איבער אַ שטיל גאַס אין די בראָנקס. קלאַפּ אָן אין טיר, וואו עס איז געווען אַ חדר צו פאַרדינגען. איך שטיי און וואַרט. דער קאָרידאָר איז קיל און האַלב־טונקל, און ווען די טיר עפנט זיך און די ליכט פון דער זון רייסט זיך אַרויס דורך דער טיר, בלייב איך שטיין און ווייס ניט וואָס צו טאָן. אַנטקעגן מיר שטייט זי, קוקט אויף מיר, און אַ שמייכל איז פאַרפאָרן אויף אירע ליפּן.

זי צעלאַכט זיך פּלוצים:

„אַזוי, ווענן צימער? מאָרגנע, האַ?"

„וואָס איז אַזוי מאָרגנע?" פרעג איך ברוגזלאַך.

„נו, זייט ניט ברוגז. איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט. קומט אַריין!"

ליכטיגע צימערן, איינפאַך, און דאָך אַזוי געשמאַקפול. די בילדער אויף די ווענט אויסגעקליבן, ספּעציעל, פון אַ געוויסן סאָרט. עס אָטעמט מיט בענקעניש. „אַ פרוי קוקט צום ים". די האָר געטריבן פון ווינט, און די אויגן קוקן אין דער ווייטקייט. „אַ פעלד מיט אַ בערייאָזע בוים". „אַ מאַן אין וואַלד אין בין־השמשות־ליכט". איך שטיי ביי דער טיר, און דאָס האַרץ וויגט זיך מיט אומעט און בענקעניש.

נו, געוויס האָב איך דאָס צימער גענומען, כאָטש עס האָט פיל מער געקאָסט, ווי איך האָב דערוואַרטעט. דער צימער, אַ גרויסער, מיט ברייטע פענסטער, דורך וועלכע עס האָבן זיך אַריינגעגליטשט די זון און דער הימל. און פאַר אַ מענטשן, וועלכער

האָט זיך צעשיידט מיט זיינע געטער, און האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטן זין פאַרוואָס צו לעבן, איז גוט אַזאַ חדר. דאָרט קען מען די פוסטקייט פון דער נשמה אויסוויינען.

אַ גאַנצן טאָג אין פאַבריק. ציל־לאָז. אַ גאַנצן טאָג רוישן די מאַשינען. זון קומט — זון פאַרגייט. קלאַפּ, האַמער, אויס מיין ווייטיג. טעג נאָך טעג, שאָטנס גליטשן זיך איבער דעם וואַסער. אויבן איז דער הימל, אונטן איז די ערד. אַלץ האָט אַ ציל. איך האָב מיינע געטער פאַרלאָרן. טעג מיינע, טעג מיינע, וואָס איז דער ציל:

לאַנגע אָוונטן אין חדר. „רוט" האָט געוואוינט אַליין אין די פיר צימערן. איר מאַן איז געשטאָרבן מיט איבער אַ יאָר צוריק. איך האָב געזען זיין בילד און איך האָב געטראַכט, אַז ער האָט געמוזט זיין אַ מערקווירדיגער מענטש.

אין אָוונט איז די הויז פול געוועזן מיט געזעלשאַפט. אַזוי פיל פאַרשיידענע מענטשן: אַרבעטער־פירער, קינסטלער, פּאָלקס־מענטשן און גלאַט אַזוי לײדיג־גייער. און זי צווישן זיי, ווי אַ קינד, וועלכעס איז געקומען לערנען די לעבנס־ווייזהייטן פון די קלוגע.

זעלטן, ווען איך פלעג איר טרעפן אַליין, און אַז מיר האָבן זיך געטראָפן, איז מער ווי אַ טרויעריגער שמייכל ניט געווען פאַר מיר. מער גאָרניש.

איז זי געווען גלייכגילטיג צו מיר? האָט זי מיך געהאַסט? איך ווייס ניט! נאָר איך האָב זיכער געוואוסט, אַז עפּעס שטרענגט זי זיך אָן צו האַלטן פאָרמאַל און קאַלט, ווען זי באַגעגנט מיך, ווי זי וואָלט געהאַט פאַרגעניגן פון דעם רייצן זיך מיט מיר.

עס איז געווען פרייטאָג אָוונט. די וואָך, ווייזט אויס, איז געווען אַ שווערע פאַר איר. געאַרבעט האָט זי אַלס דרעס־דעזיינער און ניט שלעכט פאַרדינט. נאָר אָפּטמאָל פלעגט זי קומען מיד און זיצן לאַנג אויפן ברייטן שטול ביים פענסטער, ביז די פינס־טערניש האָט אָנגעפילט די נאַכט.

דאָס מאָל איז זי געווען אַ פיבערדיגע. זי האָט זיך געאײַלט. גיך אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן אַ קלייד פון ווײַכן זייד. דאָס געזיכט בלײַך, אַ שפּיל פון קאָלירן אין די אויגן. איך בין געשטאַנען ביי דער טיר, געקוקט דורך אַ דינער שפּאַרונע. דאָס האַרץ האָט ווייטיגדיג געקלאַפּט, מײַן קערפּער האָט פיבערדיג געציטערט, זי גייט פּאַמעלאַך צו מײַן טיר, רוט... זי בלײַבט שטיין, הערט זיך אײַן. איך דריק מײַן קערפּער צום טיר, וויל זײַן נאָענט צו איר, הערן איר אָטעמען.

זי איז אַוועק. איך האָב געהערט דאָס פאַרמאַכן פון טיר. אין מײַן חדר האָט דער אומעט אַרומגעשפּאַנט, האָט די נאַכט צו מיר אַרײַנגעשריען און איך האָב ניט געהערט. אַוועק! די שענסטע קליידער אָנגעטאָן. וועמען וואַרט זי, אויף איר? אַ נאַר האָט זײַן גלויבן פאַרלאָרן: האָט ער אַמאָל געגלויבט אין דער באַפרייאונג פון דער וועלט, האָבן דאָך אַמאָל אַנדערע געגלויבט אין אים! איז ער געבליבן אַליין, אַליין, און קיין גאָט איז ניטאָ.

אַהין און צוריק אין חדר. ניטאָ. ניטאָ: טאָ ווער האָט די שטילקייט באַשאַפן? ווער האָט פאַרזייט וועלטן אין דער הימלבלויקייט? ווער האָט באַשאַפן אונזערע באַגערן? אומענדלאַכקייט, אייביקייט — וואָס פאַר אַ מאָדנער באַגריף! איצט הערט ניט מײַן בלוט קיין געזאַנג — נאָר דער פאַרלאַנג פאַר איר. איך בין ניט שולדיג, וואָס איך האָב ניט קיין העכערע צילן. ליבע! ליבע! נאַכט־שטילקייט. איז געווען אַ נאַר, האָט ער גאָט געבעטן און גאָט האָט ניט געענטפערט.

שפּעט בײַנאַכט איז זי צוריקגעקומען. ניט אַליין. האָט די ליכט אויפגעפלאַמט אין איר חדר, און איך בין געלעגן אין דער פינסטער און זיך אײַנגעהערט. יעדעס ריר זייערער האָט פאַרגאָסן מײַן מאַרך מיט אַ פלאַמיגער רויטקייט. אַ קלאַפּ מיטן טיר: ער איז אַוועק! וואָס? שלאַנגען קריכן איבערן לייב. גאָט מײַנער, וואָס? האָט זיך מיר פיליכט אויסגעדאַכט? נאַכט, וויקל מיך אַרום, גיב מיר רו...

זונטאג פרי. עס גיסט א רעגן אין דרויסן. דאָס בוך ביי מיין זייט. ווערטער, בילדער, געדאנקען, און איך לייען: „א נאר זעט זיך אליין; א קלוגער זעט די וועלט". און ווייטער: „דיין הארץ זעט א פינטל פון דער וועלט: דיין געדאנק קען דורכדרינגען אפילו דאָס, וואָס איז פארבאָרגן". „זיין מיט זיך איז גרויס; זיין מיט אלעמען איז גרעסער". „דער ווייטיג פון ליבע פארגייט, ווי אלעס, ווי א רויטע בלום, וועלכע בליט און שטאַרבט; נאָר די וועלט איז אייביג און דאָס, וואָס דו טוסט פאר אנדערע, וועט בלייבן".

א שטילער קלאַפּן אין מיין טיר: פיליכט וויל איך עסן פרישטיק מיט איר צוזאַמען? אין דרויסן רעגנט דאָך אזוי. נו, געוויס. איך קום באַלד אריין.

א דיוואַן, נידעריג. באַלד ביי דעם דיל. א קליינער טיש. זי זיצט אויף טערקישע קישנס אויף דעם דיל. אין ווינקל שטייט בודא און פון זיינע נאָז־לעכער רויכערט זיך און פילט אָן דעם חדר מיט דעם אראָמאַט פון אָריענט. די גאַרדינען האלב ארונטערגעצויגן. עס קלאַפּט דער רעגן אין פענסטער. מיר דאַכט זיך, אז דער חדר האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און מיר שוועבן אין רוים.

טרינקען מיר קאַפע. ציטערט א שטילקייט איבער אונז. אָפּגעטרונקען, רוקט זי זיך צו נאָענט אויפן דיוואַן. איך ליג אָנגעשפּאַרט אויפן ווייכן קישן. איך פיל די ווייכקייט פון איר לייב. א דינע וואַרימקייט באַדעקט מיין לייב און זי פאַנגט אָן מיט א ווייכקייט אין איר שטימע:

„איך האָב היינט באַגעגנט אייערן א פריינט, און א סך האָט ער מיר דערציילט פון אייך! נעכטן איז ער דאַ געווען, זייט איר שוין געשלאָפן. א שאָד, ער האָט געמוזט פארלאָזן די שטאָט! „סימסאָן" איז זיין נאָמען.

זי בלייבט שטיל און קוקט מיך מאָדנע אָן.

איך פאַרמאַך האַלב די אויגן. שוין לאַנג אים ניט געזען. אַמאָל האָבן מיר ביידע צוזאַמען געאַרבעט אויף אַ שיף. איצט האָב איך געהערט, אַז ער איז זייער רייך געוואָרן. שפּילט אַ גרויסע ראָליע דאָ. האָט אַ ווייב און קינדער. האָט אַ היים...

איך האָב לאַנג געשוויגן. צו וואָס דערקלערן? אַ הייליגע מינוט דאַרף בלייבן פאַר דיר. צו וואָס זיך טיילן מיט אַנדערע?

„נו, וואָס ווייטער? וואָרום זייט איר שטיל געוואָרן?"

„ווייטער — גאָרניט! שוין פאַרגעסן. אַזוי פיל טעג שוין אַוועק".

אירע פינגער טאַנצן דורך מיינע האָר.

„איר פאַרגעסט?" — די אויגן ווערן העלער דער קערפּער ציטערט פון שווערן אָטעמען. „קיינער וועט היינט ניט קומען. אין דרויסן גיסט אַ רעגן".

די קאָפּ פּייערט, די הענט ציען זיך, ציטערן. אַנטקעגן שטייט איר מאַנס בילד. זי באַמערקט מיין בליק. אומעטיג לויפט זי צו צום טישל, קערט אום דאָס בילד מיטן געזיכט צום וואַנט. און ווי אַלע קרעפטן וואָלטן איר פאַרלאָזן, פאַלט זי לעבן מיר אויף די טערקישע קישנס. קיינער וועט ניט קומען, אין דרויסן רעגנט. און בודא שפּרייט ליידנשאַפט דורך זיינע נאָזלעכער. אַזוי איז דאָס געווען און אַזוי וועט אייביג זיין.

נאָך דעם טאָג האָט עפּעס פּאַסירט אומפאַרשטענדלאכס. צוערשט האָב איך ניט פאַרשטאַנען די רעטעניש — טעג האָט זי מיט מיר ניט גערעדט, אפילו גערן ניט געענטפערט אויף מיין באַגריסונג. איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן איר בליק, וועלכער איז געווען פול מיט פיינטשאַפט פאַר מיר, אַז דאָס לייב פלעגט מיר גרוילן.

איין מאָל, ווען איך בין אַריין אין מיין חדר, האָב איך געהערט איר שטילן כליפּען. איך האָב אַביסל געעפנט די טיר. זי איז געלעגן אויף דעם דיוואַן, מיט זיין בילד לעבן איר ברוסט און האָט קאָנוואולסיוו געוויינט.

גיי, פאַרשטיי די מענטשלאַכע נשמה! ער איז ניט לאַנג צוריק געשטאַרבן. אַ גאַנץ קורצע צייט האָבן זיי געלעבט צוזאַמען. אַלע האַרץ־טרוימען, דער געהיימער ציטער פון די ערשטע נאַכט־שאַטנס, די אָרימס פון אַ מאַן — נו, וואָס איז צו ריידן. אַ פרוי פאַרגעסט ניט אַזעלכע רייד אַזוי גיך, ווי אַ מאַן. דאָס האַרץ איז נאָך מיט אים געווען, כאָטש די צורייצטע בלוט פון איר יונג קערפּער האָט געפאָדערט זיינס!

זיינען וואָכן אַוועק. איך האָב באַשלאָסן אוועקפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט. מיד בין איך געווען פון אומטעטיקייט. עס איז געווען אַ שטורמישע פעריאָדע אין ניינצן־צוועלף. אַ בריוו האָב איך געקראָגן פון מיינעם אַ פריינט, אַן אָרגאַניזירער פון די איי. וו. וו., צו פאָרן אין דער וועסט און אָרגאַניזירן די לאָמבער־דזשעקס. דער בריוו האָט געשמעקט מיט וואַלד, מיט דעם רוף צום קאַמף, און איך האָב באַשלאָסן אים פאָלגן און אוועקפאָרן ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

דער ערשטער שניי האָט זיך באַוויזן אויף די דעכער. ווייט־קייט, אומעט פאַר מיין נשמה. אַלעס פאַרפּאַקט, גרייט צום פאָרן. מאָרגן אינדערפרי, ווען די זון וועט אויפגיין, וועל איך מער דאָ ניט זיין.

געקומען איז זי שפּעטער, ווי אימער, אַ ווייסע, אַ טרוים: די ברעמען האָבן ביי מיר געציטערט. און דאָס האַרץ? צו וואָס ריידן?

זי איז געשטאַנען, מיך אויסגעהערט און גאָר ניט גערעדט. מער ניט — די ליפּן זיינען געווען פולער, די ווייסלען פון די אויגן גרעסער. פינף פאַרטאָג פאַרלאָזט די באַן און זעקס וועלן שוין ווייסע פעלדער שימערירן דורך דער האַלב־גרויקייט.

האָבן מיר טיי געטרונקען צוזאַמען, שווייגנדיג. האָבן זיך די הענט ניט־ווילנדיג באַגעגנט. האָט אַ פלאַם זיך צעגאָסן אין אונז. פאַרשטייסט? מיר זיינען ביידע אַזוי יונג געווען! נאָך אַ מאָל

האָט די נאַכט זיך פאַרפלאַמט. און דער ווייסער שניי אויפן פענ־סטער האָט זיין ווייסקייט פאַרלאָרן. און די שטונדן זיינען פאַר־לאָפן, ווי אַלע גוטע זאַכן. און די צייט פון צושיידן זיך איז גע־קומען.

„זאָל איך פאָרן, רוט?"

זי פאַרמאַכט מיין מויל מיט איר קליינער הענטל:

„פאָר געזונט! עס איז בעסער אַזוי. זאָל אַ חלום בלייבן!"

ווייסע, ווייסע פעלדער. טרוימען אין די וואָלקנס. איינזאַמע הייזער אויפן וועג. עס צופּט דאָס האַרץ. ניט געדאַרפט פאָרן. דאָס גליק איז אַזוי ווינציג אין מענטשלאַכן לעבן! — עס איז בעסער אַזוי, זאָל אַ טרוים בלייבן!

הויכע ביימער. עס קלאַפּן די העק. דער שניי פון די צווייגן צעשיט זיך ווי ווייסע זילבער. באַלד וועט די זון פאַרגיין, און פּאַסן גאָלד וועלן רינען איבערן וואַלד. איך וועל זיצן מיט מיין פריינט ביים פייער. די שאָטנס וועלן טאַנצן, זיך וויגן אַרום אונז. אַ האַרציגער פריינט, מיט גרויסע טרוימען. עס ציען זיך ווייסע וואָלקנס אין פאַרשנייטע וועלדער. הינטער די בערג צורינט אַ חלום...

# סאַמבער

ווי אַ שוואַרצער פלעק איז דאָס שטעטל סאַמבער געלעגן צווישן די רייכע פּלאַנטאַציעס פון „מיסיסיפּי“, אַרום און אַרום קאַטאָן־פעלדער; אויבן אַ זוניק הימל, אין מיטן די שטעטל.

אין סאַמבער איז ניט געווען קיין איין גלייכע געסל. די הייזער — הילצערנע ביידלאַך, קרומע, די פענסטער קליינע, אַלט און פאַרלאָזן; געווען אין די שטעטל אַן איבערבלייבאַכץ פון די שקלאַפן־טעג: אַלץ איז געבליבן אַזוי זוניק און פאַרשלאָפן, ווי אין יענע טעג. די שוואַרצע האָבן מיט זייער שוויים באַאַרבעט די קאַטן־פעלדער, און פון זייער בלוט האָבן זיך זילבער־ווייסע קעפּלאַך פאַרשפּרייט; ווי אַ ים האָבן זיך די פעלדער געשפּיגלט אין דער זון.

דר. דזשאַן סטיוועגס איז געשטאַנען בײַ דער אָפענער טיר פון זיין הויז און געקוקט, ווי דער רויך פון די קוימענס שלעפּט זיך אַזוי פויל, ציט זיך אין דער זוניקייט אַריין. אַן אַלטער ניגער שלעפּט זיך פויל פאַרביי, גיט אָפּ אַ זינגענדיגן גוט־מאָרגן, שמייכלט מיט זיינע שוואַרצע אויגן, פאַרנויגט זיך ביז דער ערד, און גייט פּאַמעלאַך אַוועק. סטיוועגס שמייכלט. עס איז אומעטיג און פרעמד. ערשט דעם צווייטן טאָג פון דער „איסט“; ער טראַכט: וואָס וועט ער דאָ מאַכן פון זיין לעבן?...

סטיוועגס איז געבוירן אין ניו־יאָרק, אין דעם אַלטן טייל שטאָט, וואו בלויז זיינע שוואַרצע ברידער האָבן געוואוינט. די גאַסן דאָרטן זיינען שמוציג און אָפּגעלאָזן; אַרום און אַרום פאַבריקן, וואו זיינע ברידער האָבן געשקלאַפט און געהונגערט.

סטיוועגס האָט געהאַט אַ סך ברידער און שוועסטער. ווי מייז האָבן זיך די קינדער געוואַלגערט אין הויז. דער טאַטע האָט

געאַרבעט אין איינער פון ניו־דזשוירזי'ס גרעסטע פּאַפּיר־פאַב־ריקן. פאַרדינט האָט ער קוים צוואַנציג דאָלער א וואָך; די מאַמע, א בייזע, פלעגט זיך שטענדיג שעלטן. זי איז געווען אזוי ווייס, אז די קינדער האָבן איר ניט ליב געהאַט. „שמוציגע ניגערס״ — האָט זי די קינדער גערופן און די קינדער האָבן פאַר איר מורא געהאַט און זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען.

דער טאַטע זיינער איז געווען א גוטער מענטש. דאָס האַרץ איז בא אים געווען אזוי ווייס, ווי זיין פּנים שוואַרץ, און די קינדער זיינען געווען ווי ער. אַלע, בלויז ניט דזשאָן. ער איז געווען ווי די מאַמע, א ווייס־הויטיגער. ווען ניט די האָר און די אויגן, וואָלט מען געקענט מיינען, אז ער איז א ווייסער; נאָר די אויגן שוואַרצע, די ווייסלען גרויסע און די האָר דינע קרויזן.

און ווי אַלע קינדער האָט דזשאָן ניט ליב געהאַט דער מאַמען און איר האָט עס שטאַרק ניט געאַרט. דעם טאַטן האָט ער פאַר־געטערט, רחמנות געהאַט אויף אים און זיך צוגעהערט צו זיין יעדן וואָרט. די מאַמע פלעגט זיך אָנטרינקען און באַליידיגן יעדן אין הויז. זי האָט פיינט געהאַט די קינדער, געהאַסט דעם טאַטן, און דאָך ווי א ציג קריכן צו אים באַנאַכט אין בעט. איבעריגנס זיינען אויך אַנדערע מענער געווען. די קינדער האָבן געוואוסט און דעם טאַטן ניט דערציילט. זיי האָבן אים זייער ליב געהאַט.

דזשאָ איז געווען דער אינגסטער, איז געוואַקסן ווי א ווערבע, געהאַט קלוגע אויגן און געוואָלט לערנען. געווען דער בעסטער אין קלאַס. ער איז געווען דער אויסנאַם אין דער גאַנצער פאַמיליע. דער פאָטער האָט מיט אים שטאָלצירט; די מוטער אפילו האָט אים באַהאַנדלט בעסער ווי די איבעריגע קינדער און זיין לעבן איז געגאַנגען טאָג נאָך טאָג דאָס זעלבע. שמוץ און אומעט! ביז — דער טאַטע איז געשטאָרבן. נאָך דעם איז זיך אַלץ צע־פאַלן. די עלטערע קינדער זיינען פריער אוועק, ווי די שוואַלבן זיינען זיי זיך צעפלויגן פון נעסט. פון צען איז ער איינער גע־

בליבן. די ברידער ווייס ער ביז היינטיגן טאָג ניט, וואו זיי זיינען. די שוועסטער זיינען געווען אַ שטיקל צייט אין אַ הייזל אין האַבאַקן. דזשאָ פלעגט קומען צו זיי, פאַרדראָסן האָט אים זייער לעבן ניט. ווער זיינען זיי דען ? ! שווארצע, דער אָפּפאַל פון דער ערד, און צו זיי קומען ווייסע הערן, קושן זיי, פאַרשליסן זיך מיט זיי אויף אַ גאַנצער נאַכט. און דזשאָ האָט געטראַכט, אַז די שוועסטער זיינען מזל־דיג, זיך אַרויפגעאַרבעט, די ווייסע קושן און צאָלן נאָך געלט.... מאָדנע מענטשן, די ווייסע, ווער קען זיי פאַרשטיין ?

איין טאָג איז ער געקומען אהין, האָט ער געטראָפן אַ ליידיג הויז. קיינער איז מער ניט געווען, דאָס הויז פאַרשלאָסן, די שוועסטער ניטאָ. איז ער געזעסן אויף די טרעפּ און געוויינט, פאַר וואָס, האָט ער ניט געוואוסט. נאָר עפּעס האָט אַזוי ווי געטאָן דאָס האַרץ, אַזוי אומעטיג איז געווען, טאָ וואָס טוט מען ? — וויינט מען. וואָס דען קען אַ שווארצער טאָן ?...

שווער געאַרבעט האָט דזשאָ, געלערנט האָט ער, ווי פריער. שפּעט, זייער שפּעט פלעגט ער קומען אַהיים, ניט געוואָלט זען דער מאַמען. שטענדיג אָנגעטרונקען, ליגט מיט פאַרעמדע מענער, שעמט זיך ניט פאַר אים און ניט פאַר׳ן בילד פון זיין טאַטן, וואָס הייגגט איבער איר בעט.

נאָר איין נאַכט, ווען ער איז געקומען אַהיים, איז זי געלעגן אויף דער שמוציגער פּאָדלאָגע, אַ גרויסער שניט איבער דער גאַנצער לייגג פון פּנים, אודאי אומגעפאַלן, אַזוי איז זי געשטאָרבן. דזשאָ האָט ניט באַדויערט איר טויט. ניט געוואָלט וויינען, דאָס האַרץ איז געווען ליידיג — ער איז צום קבר ניט געגאַנגען. האָט איבערגעלאָזט די הויז, אפילו דעם טאַטנ׳ס בילד ניט גענומען ; איז אוועק און צוריק ניט געקומען.

שווערע יאָרן ; וואָס פאַר אַ גרויליך לעבן עס איז געווען ! עט ! אָבי פאַראיבער. איצט איז ער דר. סטיוועגס אין דעם

שטעטל סאַמבער, אינ׳ם האַרץ פון מיסיסיפּי, אין דער זוניגער סאַוט.

וואָס וועט איצט זיין? איצט — וועט ער אודאי נעמען אַ ווייב, האָבן קינדער און ווערן אַ בירגער פון סאַמבער, זיך בויען אַ הויז. — נו דאָס אַלץ? צוליב דעם האָט זיך געלוינט אַזוי פיל פינסטערן?! קיין ענטפער איז ניט געווען, די צייט וועט שוין ווייזן.

מיט איין זאַך איז ער געווען צופרידן. זיין צווישן אייגענע. די ווייסע האָט ער ניט צו פיל ליב געהאַט, ער וועט קיינמאָל ניט קריכן ווי אַ וואָרים פאַר זיי, ניט דזשאָ סטיווענס. זיין הויט איז טונקל, דאָס בלוט דאָס זעלבע, דאָס האַרץ ווייסער ווי באַ זיי.

זונטאָג איז געקומען. סטיווענס וועט זיך באַקענען מיט זיינע ברידער. ער גייט פּאַמעלאַך דורך דעם זאַמדיגן וועג צו דער קירך. ער זעט פון דער ווייטן דאָס גרויסע הויז צוזאַמענגעשלאָגן פון ברעטער. זון און מילדע וואַרימקייט שפּאַרן זיך צום הימל, די בוימער רייך מיט בליאונג; עס קומט אָן ווילסאָן, אַ פעסט געבויטער ניגער, פירט זיין טאָכטער אונטער׳ן אָרם. דאָס גאַנצע שטעטל ציטערט פאַר אים. ער איז דער אויפזעער פון די פּלאַנ־טאַציעס, האָט אַ שטאַרקע האַנט און אַ האַרץ ניט פון זייערע! ערגער ווי די ווייסע. ער, דער געדונגענער שקלאַף, טרייבט זיי ווי די הינט. אין אַ געוויסן טאָג וועט זיין סוף קומען. צופיל שפּייט ער זיי אין פּנים. ער, דער ניגער, בלוט פון זייער בלוט, פלייש פון זייער פלייש.

די טאָכטער איז געווען אינגאַנצן אַנדערש. אַלע האָבן זי ליב געהאַט. זי האָט אַלעמען געהאָלפן מיט וואָס זי האָט גע־קענט. שיין איז זי געווען ווי אַ גוטער חלום. בליציגע אויגן, שאַרפע, ווייסע ציין, די הויט קופּער קאָליר, דער קערפּער אַ ווערבע, אַזוי גלייך, אַזוי בויגיג.

די אַלטע ראַשעל, וואָס רייניגט און קאָכט פאַר דר. סטיווענס, האָט אים אַ סך דערציילט פון איר. „אַזאַ שוואַרצער טייפל זאָל

האָבן אַזאַ טאָכטער! זאָלן קראָען רייסן זיין לייב. ער האָט אַ האַרץ, ווי די ווייסע, אונזער ערגסטער קען ניט זיין אַזוי". דערנאָך הערט ניט אויף ראַשעל צו שעלטן: רופט די טויטע, זיי זאָלן אים קומען שרעקן בײַנאַכט.

ווילסאָן גריסט סטיווענסן. מען קען ניט אַנטלויפן און דאָך פילט סטיווענס אַן עקל צו דעם פאַרשוין. ער שמייכלט צו דער טאָכטער, — זי האָט אַזעלכע זוניגע אויגן! אָט אַזאַ ווייב וואָלט ער געדאַרפט האָבן. אַזאַ פרישקייט אויף אירע ליפּן, ער — זי — צוזאַמען אין אַ זומער־נאַכט, זיינע אויגן ווערן פלאַמיג און די ליפּן נאַס, יע, אַזאַ ווייב.

פאַרנאַכט קלייבן זיך אַלע צוזאַמען אין מיטן גאַס. די יונגען שפּילן אויף גיטאַרעס, די מיידלאַך טאַנצן. אַן אַלטער נעגער קלאַפּט אויף אַ פּייקל. סטיווענס פילט, ווי זיין האַרץ פליט אַוועק ערגעץ צו די וועלדער, פון וואַנען זיינע אור־עלטערן זיינען געקומען. אים ווילט זיך טאַנצן מיט אַלעמען צוזאַמען: נאָר עס פּאַסט ניט. זיצט ער און גראָבט די אויגן אין די שוואַרצע לייבער פון די מיידלאַך, רופט די ווילדעריניש צו זיין בלוט און זיינע הענט קרעמפּן זיך פון באַגער.

טאַנצט מערי. קלאַפּן אַלע צו מיט די הענט. דרייט זי אַזוי געשווינד מיט די פיס, רופט מיט'ן קערפּער; ער מוז פאַרמאַכן די אויגן, ער קען ניט זען, ער וויל ניט פאַרגעסן.

גייט אַוועק דער פאַרנאַכט. מערי זיצט לעבן אים אַ שווייגנ־דיגע. די גאַס ווערט ליידיג, שטאַרבט אָפּ, מאָרגן פרי דאַרף מען ווייטער גיין אין די פעלדער, באַטש זיך אָפּרוען איבער נאַכט.

מערי הויבט זיך אויף, קוקט אים אָן. אירע אויגן זיינע איצט נעבלדיג. — „איך וועל קומען צו דיר! לאָז די טיר אָפן" — זי שמייכלט ניט, ער אויך ניט. ער וואונדערט זיך אפילו ניט וועגן דעם; ער פילט מער ניט, אַז זיינע גלידער זיינען פול מיט באַגער, פול מיט איר.

דאָס פענסטער איז געווען אָפן; אין דרויסן די שטילקייט פון פאַרבליטע פעלדער. דער שיין פון די שטערן, וועלכע בלענדן די נאַכט. אַלע שלאָפן, נאָר ניט לאַדקאַ, וועלכער שלאָפט קיינמאָל ניט. ער איז דער גייסטער־זוכער, דער זינגער פון וואודי (צויבער). ער רעדט צו די שטערן באַנאַכט, זינגט צו דער זון באַטאָג. ער ווייס די שאָטנס, וואָס שפּרייטן זיך אין די וועלדער און די פעלדער. און אַלט איז ער אַזוי, ווי די צייט! די עלטסטע פון דער שטעטל סאַמבער געדענקען אים נאָך ווי אַ קינד. אַזוי איז ער געווען און אַזוי וועט ער בלייבן.

סטיווענס טראַכט, אַז נאַריש זיינען די רייד פון זיינע ברידער, אַז זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די אַפריקאַנער וועלדער די שלייערס פון דער נאַכט, וואָס הערשט דאָרט אייביג, און ער, דער געלערנ־טער מענטש, ער, סטיווענס, פילט אויך אין זיין בלוט דעם רוף פון יענע טעג. אָט ליגט ער און וואַרט מיט פלאַמיגן בלוט אויף דער ווייב, און זי וועט קומען, זיך לייגן נעבן אים און זיי וועלן פאַרברענען די נאַכט מיט זייערע פלאַמען, אַזוי איז אודאי גע־ווען אַמאָל, מיט טויזנט יאָרן צוריק. זיינע אור־עלטערן האָבן אַזוי געלעבט, ער אויך. אים דוכט זיך, אַז ער הערט דעם רוף פון די פּויקן אין דעם דזשאָנגל: אָט אין אַזאַ נאַכט ביינקט דער מענטש נאָך די צייטן, איידער ער איז געווען.

געקומען איז זי. אויסגעטאָן איר ציצן־קליידל, קיין שיך האָט זי ניט געטראָגן, איז אַריינגעקראָכן צו אים אין בעט און מיט איר לייב זיך געדריקט צו זיינעם, „איך וויל ווערן דיין ווייב“. — האָט זי געזאָגט:

„איך וויל דיך“ — האָט ער געענטפערט, און אַזוי איינפאַך האָט זיי די נאַכט פאַרדעקט. סטיווענס האָט פאַרגעסן זיין דאָק־טאָר דעגרי, האָט פאַרגעסן, אַז ער איז סטיווענס דער געבילדעטער מענטש; איצט האָט אַפריקע מיט אירע וועלדער געוואַכט איבער אים; איצט האָט ער געפאָלגט דעם רוף פון זיין פּרימיטיוו בלוט.

נאָר די ערשטע פאַר וואָכן זיינען געווען זוניגע פאַר סטיווענס׳ן. ער האָט אַזוי פיל געקוקט אויפ׳ן הימל, אַז ער האָט ניט געזען די ערד. ביסלאַכווייז האָט ער דערזען, אַז אין סאַמבער זיינען מענטשן אונטער׳ן בייטש און ער האָט דערפילט די פּלאַנטאַציעס מיט זייערע שוואַרצע אויפזעער, מיט דער שטענדיגער שקלאַפעריי אין דער ברענענדיגער היץ; — ער האָט דערפילט, אַז סאַמבער איז אַ טאָל פון שקלאַפן; געוואוסט האָט ער פריער, אַז זיינע ברידער איז אומעטום שלעכט, נאָר אים האָט ווי געטאָן ביז בלוט, פאַר וואָס זיי בויגן אַזוי אַרונטער געהאַרכזאַם זייערע קעפּ, פאַרוואָס זיי וואַגן אפילו ניט אָפּווישן דעם שווייס פון זייערע פּנים׳ער.

און קריסטלאַכע פרומע לייט. ווי עקלדיג זיי זיינען. איינמאָל האָט ער געהערט, ווי איינער פון „גאָט׳ס פריידיגער״ האָט צו זיי געזאָגט „מענטשן דאַרפן אימער פאַרגעבן! ליב האָבן איינע די אַנדערע. ליב האָבן דיינע פיינט און אויב איינער שלאָגט דיך אין איין באַק, שטעל אוים די צווייטע!״ — האָט סטיווענס סאַרקאַסטיש געפרעגט:

„פאַרוואָס גייט איר ניט צו די ווייסע? פאַרוואָס גייט איר ניט צו די רייכע? מיר בויגן שוין צופיל אונזערע רוקנס, גיבן צופיל אונזערע באַקן פאַר קריגן נאָך קלעפּ״. מער האָט סטיווענס ניט געקענט ריידן; זיין האַרץ האָט געברענט פאַר צאָרן.

אַ סך אין שטעטל האָבן אויף סטיווענס׳ן געקוקט קרום, לאַדקא דער וואודי מאַן האָט אים געסטראַשעט מיט בייזע גייס־טער, האָט סטיווענס געלאַכט, אים אָנגערופן שווינדלער. אַז די ניגערס האָבן דאָס דערהערט, האָבן פאַר שרעק זייערע ליפּן געציטערט און זיי האָבן אים אויסגעמידן. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די בייזע גייסטער, וואָס לאַדקא וועט אויף זיי שיקן, אויב זיי וועלן זיך חבר׳ן מיט סטיווענס׳ן.

סטיווענס האָט געטראַכט ביטערע געדאַנקען... און דאָס איז אַמאָל געווען אַ פריי פאָלק? — און דאָך האָט ער געהאַט אַ טרייסט.

די אינגערע האָבן זיך יאָ צוגעהערט צו זיינע רייד. איינער האָט אפילו דערלאַנגט צוריק אין מאָרדע ווילסאָנ׳ען, ווען יענער האָט אים געשלאָגן. פאַרשטענדלאַך, מען האָט דעם ניגער גוט צע׳הרגעט, און געהאָלפן אים שלאָגן האָבן זיינע אייגענע ברידער. דאָך, ווען סטיווענס האָט זיך געפּאָרעט איבער אים, פאַרבונדן די וואונדן, האָט ער גענומען סטיווענס׳עס האַנט, לאַנג געהאַלטן זי און געגלעט, ווי אַ קראַנק קינד, און סטיווענס איז אַרויס פון חדר און האָט אָפּגעווישט די טרערן.

און מערי איז געווען אומרואיג. איר האָט קיין זאַך איצט ניט געאַרט, נאָר די זיכערקייט פון איר דזשאַן. עפּעס האָט איר גאַנץ לעבן געהאַט אָנגענומען איין טיפן גלויבן, דאָס איז געווען ער. און אַז זיי פלעגן זיין צוזאַמען, האָט זי אים אויסגערעדט, פאַרוואָס ער מאַכט אַזוי פיל פיינט. „זיי וועלן דיך פון דאַנען פאַרטרייבן, דזשאַן, און אין סמאָלע מיט פעדערן וועלן זיי דיך אויסשמירן! אָדער" — זי האָט געענדיגט מיט אַ ציטערדיגער שטים: „זיי וועלן דיך לינטשן, אויפהייגגען אויף דער גרויסער בוים דאָרטן בײַ דער ענדע פעלד!".

דזשאַן האָט זי שטאַרקער געדריקט צו זיך, ענטפערן איז ניט געווען וואָס, און אַ קעלט האָט געפרוירן זיין רוקן.

דזשאַן האָט געטאָן וואָס ער האָט געקענט און, וואָס מער אַ טאָג, אַלץ ווייניגער פריינט איז אים געבליבן. די יונגוואַרג האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן פון סאַמבער, די עלטערן האָבן אים באַשולדיגט אין דעם; דער טייפל האָט אים אודאי געבראַכט. דזשאַן האָט זיך דערפילט אַזוי הילפלאָז. אַ גאַנצן לעבן האָט ער אין זיך איינגעזויגן דעם עלנט, זיך געמוטשעט, געהאָפט צו העלפן זיינע ברידער, איצט אַנטלויפן זיי פון אים! די אינגערע האָט ער דערציילט וועגן דער גרויסער וועלט, פליען זיי אַוועק! ווער וויים, צי וועלן זיי אים בענטשן אָדער שעלטן? אומעטום וואַרט אויף זיי די נויט; דאָך וועט די בייטש און די שטעכיגע בליקן

פון די טרייבער זיי ניט מאַטערן, וועט די זון ניט סמאַליען זייערע לייבער אין די פעלדער פון די ווייסע קאַטאַן־בלומען.

מיילן ווייט אַרויף האָט געוואוינט דער ווייסער לאָרד פון די פּלאַנטאַציעס. אַ הויז, אַ הילצערנע מיט גרויסע מאַרמאָרנע זיילן. גערטענער בלומען, פּאָנטאַנען, ליבע־הייזקעס, דעכלאַך גע־פלאָכטן מיט צווייגן, דורך וועלכע די שטערן האָבן דורכגעלויכטן. קלאַסישע מוזיק, וויין, ליבעס־פאַרלאַך איינגעפלאָכטן אין לבנה־ליכט. אַ סך אָוונטן איז סטיוועגס געשטאַנען הינטער די בוימער און איינגעאָטעמט די פרייד, וואָס האָט געטאַנצט איבער די פעל־דער. באַנאַכט פלעגט ער זיך אַריינשאַרן צוריק אין שקלאַפן־לאַגער סאַמבער. אין הויז האָט שוין מערי געוואַרט פאַר אים, נאָר קיין פרייד איז מער ניט געווען אין זיין האַרצן. די הילצענע ביידלאַך, קרומע גאַסן, הויפנס מיסט, — אַלץ אין אים האָט געשריען און געוויינטאָגט. און ער האָט געזען די ווייסע בלומען, פעלדער, דורכ־גענעצט מיט די טראָפּנס שווייס פון זיינע ברידער, האָט ער גע־הערט זייערע לידער אומעטיגע אָן האָפנונג; האָט אַ ווילדער פיין זיך געטראָגן אין זיין בלוט.

אַזוי זיינען געפלויגן טעג, אַזוי זיינען צערונען חדשים. די יונגוואַרג, וואָס איז פאַרבליבן אין סאַמבער, האָט איינגעזאַפּט זיינע רייד. סטיוועגס האָט געפילט, אַז ער היילט ניט בלויז קערפּערס, נאָר נשמות אויך. אים האָט זיך געדוכט, אַז די צייט וועט ברענגען ליכט אין די אומעדיגע גאַסן פון סאַמבער, און אַ שטאָלצע פרייד וועט שפּראָצן פון דער ערד.

נאָר אין אַ געוויסן ליכטיגן פרימאָרגן האָט זיך אַ גרויער שרעק פאַרשפּרייט. ערגעץ לעבן סאַמבער האָט אַ ווייסע דאַמע שפּאַצירט אַ פאַרנאַכט, זי איז געקומען פון דער הילצערנער הויז מיט די שטיינערנע זאַלן. — אַ גאַסט געווען. גאָט ווייס, וואָס זי האָט געטאָן אַרום סאַמבער. עמיצער איז איר באַפאַלן אין גרויקייט... זי האָט געשריען, איז דער אָנפאַלער אַנטלאָפן; עס

האָט גאָרניט פּאַסירט, נאָר אין סאַמבער האָבן זיי בעסער גע־וואוסט; איינער האָט אויף דעם אַנדערן געקוקט מיט ציטשראָ־קענע אויגן. עמיצער וועט מוזן זיין אַ קרבן און יעדער האָט גע־וואונשן, אַז די בייזע האַנט זאָל ניט פאַלן אויף אים.

דזשאָן האָט צוזאַמענגערופן די יונגוואַרג. אַ גאַנצן אָוונט האָט ער צו זיי גערעדט. „וועלן זיי לאָזן איינעם פון זייערע גיין אויף דער שטריק אומשולדיגערהייט! איז ניט בעסער צו שטאַרבן קעמפענדיג, ווי זיך לאָזן אויסשלאַכטן ווי שאָף?"

אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם פרימאָרגן. די נאַכט האָט זיך אין אַזאַ פינסטערניש פאַרגליוועט, אַז מען האָט געקענט פילן די פינסטערניש אונטערן הימל. לאַדקאָ דער וואודו־מאַכער האָט אַ גאַנצע נאַכט ווילד געזונגען צו די שטערן. שרעק האָט גע־בלאָנדזשעט איבער די פעלדער און האָט זיך אַריינגעוועבט אין די קרומע גאַסן און אין די הילצערנע ביידלאַך. אַלע האָבן גע־וואַרט, יעדער פאַר זיין לעצטע נאַכט.

אין פרימאָרגן איז געקומען דער שעריף, מיט אים צוואַנציג באַוואָפנטע רייטער. קיינער איז צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. אין דער לופט זיינען שטריק געהאַנגען און זיך געוויקלט אַרום די קרומע הייזער פון סאַמבער.

באַלד איז אויך אָנגעקומען די פרוי. איר פעטער פּנים האָט זיך ברייט צעשמייכלט, אירע וואַסערדיגע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ קריינקלאַכער ליידנשאַפט; אירע ליפּן זיינען געווען גראָבע, רויטע, די ברוסטן צעוואַקסענע, די פיס שווערע, און דאָס איז מען באַפאַלן? — האָט געטראַכט דזשאָן. ער האָט געמוזט איינגראָבן זיינע נעגל אין זיין פלייש ניט צו שרייען פאַר ווייטאָג.

אַלע זיינען געווען אויסגעשטעלט, די קינדער מיט זיי. ווילסאָן האָט געריטשעט ווי אַ הונט. סטיוועגס האָט זיך געמוזט אָנ־שפּאַרן אָן זיין הויז, ער זאָל ניט פאַלן; ער האָט געפילט, ווי אַלץ שטאַרבט אין אים, און באַלד וועט ער, ווי אַ שטיק ליים, פאַלן צו דער ערד.

זי, די גראָבע מיט די שמאַלציגע ליפּן האָט מיט אירע וואַסער־דיגע אויגן יעדערן אָנגעקוקט. ניט געוואוסט וועמען אויסקלייבן. אירע אויגן האָבן זיך מיט אַ גרינעם פלאַם אָנגעצונדן. זי האָט אַלע מאָל מיט אירע טרוקענע ליפּן געסמאַטשקעט. זי האָט זיך ניט געכאַפּט. גענוג צייט! זאָלן די שוואַרצע הינט פילן דעם טויט אין האַרצן.

ענדלאַך האָבן זיך אירע גרינע אויגן איינגעגראָבן אין איינעם — אין דעם יונגן סטעפּאַן, ניט מער ווי אַ יאָר אַכצן; ביי סטעפּאַ־נען האָבן זיך די פיס אַ ווינגעטאָן און די ווייסלאַך פון די אויגן זיינען מאָדנע גרויס געוואָרן. די ציינער האָבן געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע, אַ מאַכטלאָזער איז סטעפּאַן געפאַלן צו דער ערד.

אַ יאָמערן האָט פאַרקלונגען די קרומע גאַסן. די ביידלאַך האָבן זיך מער איינגעבויגן צו דער ערד. דער הימל האָט זיך געזור־ניגט, האָט אין זילבער פאַסן ליכט געשטראָמט איבער סאַמבער. דער שעריף מיט די רייטער האָט דערווייל געטאָן זיין אַרבעט. געשלעפּט סטעפּאַנען מיט זיך אַוועק. סטיוועגס איז צוגעלאָפן מיט צאָרן אין זיין קול. עפּעס האָט ער געשריען, עפּעס האָבן זיינע פויסטן אָנגעקלאַפּט אין פלייש און ביין. ער האָט אַליין ניט גע־וואוסט וואָס ער טוט.

לאַנגע בייטשן האָבן געפייפט איבער אים, האַרטע לעדער האָט זיך איינגעגעסן אין זיין לייב. אַרום אים טומל. די יונגוואַרג האָט געוואָרפן שטיינער, געצויגן מעסערס. ווי מעסער, האָט די זון געשניטן די לופט. סטיוועגס איז נאָך געשטאַנען אויף די פיס. זיין שטימע האָט זיך נאָך געהערט. סטעפּאַן האָט זיך דערווייל אַרויסגעריסן און איז אַנטלאָפן, און דורך סטיוועגס לייב האָט זיך דורכגעריסן אַ פרייד־געשריי! „הינט! ווייסע שמוץ, שקלאַפן־טרייבער!" אַ בייטש האָט אַ שניט געטאָן זיין לייב; סטיוועגס האָט זיך מיט לעצטע קרעפטן אָנגעכאַפּט אָן דעם שעריף, אים אַראָפּגעשלעפּט פון פערד און איינגעגראָבן זיינע פינגער אין יע־

נעמס האַלז, מיט אַ מאָל האָט אַ שטראָם פייער דורכגעריסן זיין לייב, פינסטערניש!...

דורך אַ שוואַרצע מאַסע האָט סטיוועגס געזען מעריין איבער אים, געפילט אירע טרערן אויף זיין פּנים; ער האָט געהערט די שוואַכע גלעקער פון קלויסטער, ווייט — ווייט. שאָטנס האָבן זיך געוויגט אומעטום. דער וואודי־מאַן האָט געזונגען צום הימל. סטיוועגס האָט ניט געוואוסט, צי עס איז נאַכט אָדער טאָג. פאַר אים איז געווען נאַכט, דיקע פינסטערניש, שטיקער פון זיינע קינדער־יאָרן האָבן זיך, ווי טרערן, געגליטשט איבער זיין האַרץ.

אַ שאָד אַזאַ לעבן. ער האָט נאָך אַזוי ווינציג אויפגעטאָן. סטעפאַן איז אַנטלאָפן. גוט אַזוי. אַ ליכטיגקייט האָט זיך אריינגעריסן אין זיין קאָפּ און מיט גרויסע אָפענע אויגן איז דזשאָן אַנדרימלט געוואָרן. ערגעץ וועט ער זיין אין דער לאַנד פון חלומות.

אַ שוואַרצע פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן איבערן פעלד. די גלעקער האָבן גערופן — גערופן! סטיוועגס האָט שוין מער ניט געהערט. — און ווער וויים פיליכט יע?... ווער וויים וואָס הינטער דעם שלייער טוט זיך?

* * *

אַן אָרימער שטיין אונטער אַ קאַשטאַן־בוים, מיט עטלאַכע ווערטער:

„דאָ ליגט דזשאָן. געשטאָרבן אין קאַמף פאַר זיינע ברידער“...

# בריוו

## ערשטער בריוו.

איך האָב דיין בריוו דערהאַלטן, אָרימער דאַוויד. דו האָסט זיך איינגעוויקלט אין דעם שטויב פון דיינע ביכער און האָסט פאַרגעסן, אַז דאָס לעבן קלאַפּט ביי דיין טיר, און ווי דער הימל זאָל העל ניט זיין, איז דיר אומעטיג! און דאָרטן, אין דיין לאַנד, וואו די זון צערטלט אַ גאַנץ יאָר, וואו די בוימער זיינען אין אייביגער בליאונג, איז דיר קאַלט און אומעטיג.

דו שרייבסט, אַז דו „באַדויערסט מיר, אַז איך פאַרליר מיין גאַנץ אייגנאַרטיקייט". קען זיין, אַז דו האָסט רעכט, ווייל אַזוי באַגרייפסטו אין דיין איינזאַמקייט זאַכן. מיר זעען וואָס מיר ווילן זען! און דו האָלסט, ווייזט אויס, מיט איבסעניען, אַז גליקלאַך איז דער מענטש, וואָס בלייבט אַליין.

אין אָפּיס איז נאָך שטיל. מיין שרייב־טיש איז לעבן פענסטער. אַנטקעגן איז אַ קאַזאַרמע, אַ גרויע הויז. די אונטערשטע פענסטער מיט גראַטעס. איך האָס צו קוקן אויף גרויע ווענט. צו מיר איז עס אַ סימבאָל פון היינטיגער געזעלשאַפט.

איך האָב געלייענט דיין לעצטע דערציילונג. שיין אָנגעשריבן. „ליבע" איבערהויפּט איז אַ דאַנקבאַרע טעמע, נאָר כדי צו ליבן מוז מען זיין אַ טרוימער, און אַ טרוימער איז אַ נאַר, וועלכער איז ניט צופרידן מיט זאַכן, ווי אַזוי זיי זיינען. ער זעט וויזיעס פון מאָרגן. ער ווייסט, אַז דער טאָג פאַרגייט און ער וויל מאַכן דעם מאָרגן שענער. ביי אונז איז אויך ליבע: — ליבע מיט רייכקייט פון טרוימען; ליבע פאַרבונדן מיט דעם מאָרגן — ווען אַן אַנדער לעבן וועט קלאַפּן אין טיר.

נאָר ווי הויבט מען אָן דיר איבערגעבן אַלץ, וואָס איך לעב איבער. ווי מאַכט מען, דו זאָלסט פאַרשטיין אַלץ, וואָס בויט זיך ביי אונז? לאָמיר דיר זאָגן אין פאָרויס, אַז איך גלויב ניט דיין גלייכגילטיקייט. עס איז ניט מער, ווי אַ פּאַטעטישער זשעסט פון דיין זייט צו זינגען פון דעם איינציגן און זיינע טרוימען.

דו רעדסט פון אַרבעטער־פירער מיט איראָניע. איך פאַרגיב דיר, ווייל דו ווייסט ניט בעסער, ווייל דאָס לעבן האָט ביי דיר אוועקגערויבט אַלע הייליקייטן און דיך איבערגעלאָזן אָן אַ גלויבן אין האַרצן. איך זע דיר, ווי אַ נאַקעט בוים אין פעלד און אַרום דיר פאַרדאַרט גראָז, און וואו דו קערסט זיך זעסטו דעם עלנט פון דיין האַרץ, ווייל דו האָסט ניט קיין דערוואַרטונג. דער מאָרגן מיינט גאָרניט פאַר דיר. ניטאָ דער געזאַנג, וואָס מאַכט דיין האַרץ שטורמען מיט פרייד.

---

## צווייטער בריוו.

טייערער דאַוויד: — איך מוז דיר איצט שרייבן, זיך טיילן מיט דיר מיט מיינע שטימונגען. עס איז אָוונט. דאַכט זיך, עס וועט נאָך היינט שנייען. דער הימל האָט זיך פאַרבלייכט און אַ ווינט שניידט דורך די לופט. דאָס האַרץ איז שווער. שוין צוואַנציג וואָכן, אַז מען איז ביי אונז אין סטרייק. קאַמף, ברודער! פאַר מיר איז דאָס דער געזאַנג פון מיין בלוט. היינט פרי האָט גע־רעגנט — דאָך זיינען די אַרבעטער געקומען צום שלאַכטפעלד: רייען נאָך רייען — אומענדלאָך האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע. די קליידער, די שיך צעריסן (און דאָס איז ניט קיין פראַזע, דאַוויד), ציטערדיגע טריט ביי טריט פאָרויס. איך בין געשטאַנען אין פּאַרק אַנטקעגן מעטראָפּאָליטן בילדינג, ניט געפילט ווי דער רעגן רינט איבער מיינע באַקן, נעצט דורך מיינע קליידער און די קאַלטע טראָפּנס דערגרייכן מיין לייב: רייען, רייען, דער מאַרש פון מאָרגן.

און מיין האַרץ האָט געפילט, אַז מאָרגן וועלן זיי ווערן די הערשער פון לעבן.

פאַרנאַכט בין איך געגאַנגען באַזוכן אַ סטרייקער. שוין דעם צווייטן טאָג, אַז ער האָט זיך ניט געוויזן אין האַל.

האָב איך אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, אַריינגעקוקט אין דעם גרויען אומעט; די ווייב, פאַרעלטערט פאַר דער צייט, האָט זיך שטיל געשאַרט צום צווייטן חדר. ער איז געלעגן אַ פיבערדיגער אויפן בעטל, מיך דערקענט און געפּרואווט שמייכלען: „ניט גע־קענט קומען היינט. וויזט אויס, זיך פאַרקילט. צוואַנציג יאָר אין שאַפּ". זיין שטים האָט אַ כריפּע געטאָן און זיינע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט. „ניטאָ שוין קיין קרעפטן, אויסגערונען ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק". ער פאַרמאַכט די אויגן, וויל ניט, אַז איך זאָל זען די טרערן. די ווייב ווישט די אויגן מיט דעם פאַרטוך און שאַרט זיך אַרויס פון חדר. און איך? דאַוויד! דאַוויד! פאַרוואָס פאַרשטייסטו ניט? אַך, ווי אומעטיג מיר איז.

איך האָב נעכטן ניט געקענט ענדיגן דעם בריוו. אַמאָל באַ־פאַלט דיר אַזאַ צאַרטע סענטימענטאַליטעט, אַז דאָס פלאַטערן פון דעם ווינט מאַכט דיך וויינען און אַ שטראַל פון דער זון, וואָס ציטערט אויף דיין שויב, רופט אַרויס ריינע ציטערדיגע קלאַנגען אין דער נשמה.

פאַרטאָג בין איך שוין געווען אין גאַס. די לופט אַ רויכיגע, אַ פאַרגליווערטע; די ניו־יאָרקער גאַסן ציען זיך אין דער הויך, ווי ריזיגע ווענט פון אַ צויבער־שטאָט.

פרויען, וואָס אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, צו רייניגן די ברעקלאַך פון לעבן, שאַרן זיך, ווי שאָטנס, מיט זייערע מידע טריט. אין אַ ווינקל ציטערט אַ הונט, קוקט זיך אַרום דערשראָקן, פאַרלירט זיך ערגעץ אין דער גרויקייט. באַלד זעט מען אַ העלקייט אין הימל, אַ ליכטיגן פלעק, און דו ביזט זיכער, אַז דער טאָג וועט קומען, און דו מורמלסט צו זיך אַליין: עס וועט קומען! קומען!...

---

## דריטער בריוו.

איך האָב געלייענט דיין בריוו און געטראַכט: ווי שטאַרק פאַרביטערט דו מוזט זיין! ווי ציניש דו ביזט געוואָרן! איך באַדויער דיך, מיין פריינט, ווייל איך ווייס דעם פיין פון אַזאַ צושטאַנד! ווען אַ מענטש פאַרלירט דעם גלויבן אין דער גאַנצער מענטשהייט און קוקט מיט פאַרדאַכט אויף אונזערע בעסטע אָנ־שטריינגונגען, אַזאַ מענטש איז קראַנק, מיין פריינט, זייער קראַנק.

איך וואָלט דיר גערן דערציילט אַ סך זאַכן, וואָס מענטשן האָבן געטאָן אין דער פאַרגאַנגנהייט און געאָפּערט זייערע לעבנס פאַר אַנדערע. נאָר דו ווייסט דאָס אַזוי גוט ווי איך. נאָר צו וואָס גיין צו דער פאַרגאַנגענהייט, ווען איך באַגעגן זיי טאָג־טעגלאַך אויף מיין וועג.

אָט וועל איך דיר דערציילן פון איינער. און לאָמיך דיר זאָגן אין פאָרויס, אַז ווען איך זע זי אין איר אַרבעט, פאַרשווינדט פון מיין האַרצן דער צווייפל וועגן דעם נייעם לעבן, וואָס וועט קומען.

וואָס איז דער אונטערשייד, ווי זי הייסט? נו, לאָמיר זי אָנ־רופן רחל. זי איז אַכט־און־צוואַנציג. דאָס געזיכט איינגעצויגן פון ניט־דערשלאָפענע נעכט, די נאָז אַ לאַנגלאַכע און אויגן גרוי־לאַכע, וואַרימע, דערציילן פון דער גרויסער האָפנונג אין ליבע, וואָס זי טראָגט אין זיך.

נאָר לאָמיך דיר זאָגן נאָך אַ זאַך. איך האָב אַמאָל געלייענט וועגן מענטשן, וועלכע אָפּערן זייער לעבן פאַר אַן אידעאַל, האָב איך געשמייכלט, ווי דו. איצט ווייס איך אָבער, אַז עס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע ראָמאַנטישע פיגור, נאָר אַ טייל פון מיין טעג־לאַכן לעבן.

האָב איך זי אַמאָל געפרעגט, אויב זי האָט עטוואָס אין לעבן, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט די גרויסע מאַסן; עטוואָס, וואָס האָט צו טאָן מיט איר אַליין?... האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט אירע ווייכע, גרוילאַכע אויגן, וועלכע האָבן זיך וואַרים צעשמייכלט: איך

זאָג, פיליייכט איז פאַראַן עטוואָס גרויסעס אין איר פערזענלאַכן לעבן. זיכער, אז איר האַרץ ליבט מיט דעמזעלבן פאַרצערנדיגן פלאַם, ווי ביי אונז אַלעמען. נאָר וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס קענן דער אַרבעט, וואָס זי טוט? פלאַם־רויטער, צעגליטער פייער, און אין איר נשמה זינגט מיט פרייד פון מאָרגן.

איין טאָג איז זי געקומען זייער פרי אין אָפיס. אַן אומרואיקע, די באַקן געלבלאַך, די אויגן טיף און טונקל. איך בין געשטאַנען ביים פענסטער און האָב באַטראַכט דאָס רירנדיקע לעבן, וואָס וועט זיך באַלד צעפליסן, ווי אַ שטורם, איבערן שטאָט. שטיל האָט זי זיך צוגעשאַרט צו מיר, אַוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש און קוים גערעדט.

„היינט האָב איך אים באַגעגנט" — איך ווייס ווער זי מיינט. — „אַ גרויסער אומעט וויגט זיך אין זיין נשמה". — איך ווייס, ווען זי שעמט זיך ניט פאַר מיר, וואָלט זי זיך צעכליפּעט, ווי אַ קינד. זי רעדט ווייטער:

„ער זאָגט: אַלץ האָב איך שוין דערגרייכט". ניין־און־צוואַנציג יאָר און געלעבט אַ לעבן פון הונדערט! איך בין מיד פון די אַפּ־לאָדיסמענטן; עס רעגט מער ניט מיין בלוט; וואָס האָב איך פון דעם אַלעמען? מיד; אַ גרויסע מידקייט באַדעקט מיך, ווי ווייסער ערשט־באַדעקטער שניי. שוין געלעבט און געהאַסט, גע־קעמפט, געוואונען און פאַרלאָרן. און וואָס ווייטער? — זי בלייבט שטיל און שמייכלט אומעטיג.

אויף מאָרגן האָב איך אים געזען. עס איז געווען ביי אַ פאַר־זאַמלונג פון אַרבעטער. אינגער ווי זיינע יאָרן. די אויגן שפּילעווו־דיגע, די האָר געקעמט אויף אַרויף. לעבן מיר זיצט אַ מיידל. גראָבט זי איין די אויגן אין אים. זי איז נאָך יונג, בליענדיקער פרילינג, און איך טראַכט: גליקלאַך איז די יוגנט.

דאַוויד, ווען דו וואָלסט אים הערן ריידן! אַ מענטש וואָס גלויבט ניט, קען ניט אַזוי אַפּעלירן צו די הערצער פון די אַרבע־

טער! און לאָמיך דיר זאָגן, אַז איך האָב געפילט דעם געוויש פון די מאַשינען. די לאַנגע, ווייס־געקאַלכטע פאַבריקן; מענטשן, איינגעבויגענע, שאַפן פאַר אַנדערע. קוילן־אויוונס, צעגליטער פייער, שוויים און אַרבעט, שיפן, בריקן, מינען. וואָס ניט? און דו זאָגסט, אַז זיי זיינען געבאָרענע שקלאַפן און זיי ווילן ניט בעסער! וואַרט, זאָלן זיי דערפילן די זון אין זייערע פענסטער, דאַן וועסטו פילן זייערע טריט!

דו פאַרשטייסט: אומעט פאַר אַ מענטש, וואָס האָט גרויסעס אין זיין לעבן, איז נאָר אַ מאָמענט, און באַלד צערינט דאָס, און די פרייד פון מאָרגן קלאַפּט אין דער טיר.

---

## פערטער בריוו.

דאַוויד, ביי אייך דאָרטן אין „לאָס־אַנדזשעלעס“, וואַרימט נאָך צו די זון; בלומען בליען אין די בערג, ווינקען און רופן. ביי אונז איז שוין קאַלט. דער ווינטער הויבט זיך שוין אָן איינבירגערן. קאַלטע ווינטן פון „נאָרד“ רייסן זיך איבער די גאַסן, שרייען אין אונזערע היימען און באַגלייטן אונז אויף דעם וועג צו דער פאַבריק.

אין אַזעלכע טעג טראַכט איך פון די אַרבעטסלאָזע, די הונ־געריגע און היימלאָזע פון אונזער רייכער שטאָט. איך טראַכט: ווי איז צו אַ געזעלשאַפט, וואו הונגער און איבערזעטיקייט גע־פינען זיך צוזאַמען, וואו די ליד פון הונגער רייסט זיך צו די רייכע פּאַלאַצן. אויב די פּאַלאַצן הערן ניט דעם געשריי, הערן זיי ניט דאָס ליד פון זייער אונטערגאַנג.

היינט אָוונט האָב איך שפּאַצירט אין די אָרימע קוואַרטאַלן, בין געווען אויף דער בוועריִ. מאַסן היימלאָזע הויבן שוין אָן קומען קלאַפּן אין די טירן, ווי פאַרוואונדערטע פויגל. שוואַרצע געדאַנקען קריכן אין קאָפּ, מאַכן מוטנע אויפן האַרצן.

גייט לעבן מיר אַ אינגל פון אַ יאָר אַכצן. הויך און שלאַנק, ווי אַ ווערבע; גרויסע, שוואַרצע אויגן, אומרואיגע. די באַקן

בלייבע, שטייפע ליפן, און ענדלאך ריידן מיר זיך צוזאמען. איך לאד אים איין מיט מיר אין א רעסטאראן. מיר זיצן ביי א טישל. איך האב פארגעניגן פון זיין אפעטיט. דערנאך רויכערן מיר רואיג פאפיראסן, און איך ווארט, ער זאל ברעכן די שטילקייט. און באלד הויבט ער טאקע אן.

„צום שווארץ יאר מיט זיי, די הינט. ביז זיי דערלאנגען אביסל שפייז, מוטשען זיי דיר צום טויט מיט זייער נארישער פלאפלעריי צו גאט".

ער קוקט אין דער לופטן.

„דו ביזט א יאט. ניט קיין הינטישע שטיק. ערשטנס גיסטו עסן און דו שווייגסט, און זיי, די שקאפעס, פייניגן דיך אין נאמען פון גאט".

„דו פארשטייסט? ארבעטן וועל איך ניט! מיין טאטע האט א גאנץ לעבן געארבעט אין א קויל־מינע! געהאט קינדער, ווי באב, און מיר אלע צוזאמען האבן פיין געהונגערט. און אז מען איז עלטער געווארן, זיינען מיר איינער נאך דעם אנדערן פאר־שוואונדן געווארן אין די קויל־מינען. איך, פארשטייסטו, בין געווען דער אינגסטער, און געוואוסט האב איך מיין מזל און געווארט האב איך פארן טאג, ווען די מינע וועט מיך אין אירע ארעמס פארשלינגען.

„איז אבער געקומען א טאג, ווען די ערד האט זיך א טרייסל געטאן. גאז האט געשפארט פון דער ערד. איין אויפרייס נאך דעם אנדערן, ווי שארפע דונערן. נו, וואס דיר דערציילן? אלץ איז אוועק. מיט אמאל בין איך געבליבן אליין מיט דער מאמען, און געלעגט די לעצטע ערד אויף זייער קבר. און די מאמע האט אויך לאנג ניט געדויערט. אז איך בין געבליבן אליין, האב איך געוואוסט מיין ציל. איך וועל ניט ארבעטן. איך וועל ניט לאזן, אז זיי זאלן קריכן ווי לייז איבער מיר. אזוי איז דאס, ברודער, מען דארף ערגעץ זוכן א נאכט איבערשלאפן און מארגן וועלן מיר גיין אין וועג אהין, וואו די פויגל ציען זיך..."

זיי געזונט, דאַוויד. איך בין מיד און קען איצט ניט טראַכטן. דו פאַרשטייסט? אַ סענטימענטאַליסט! נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? דאָס איז מיין וועג.

---

## פינפטער בריוו.

דאַוויד, דו שרייבסט מיר פון ליבע, פון בייינקעניש, פון דיין טראָפּישן הימל; דו וואַנדערסט, ווי אַ שטערן, אין דיין איינזאַמקייט. דו דערמאָנסט מיר אָן אַ מאָנאַסטיר אָדער אָן אַ נאָנע — זיי אין שוואַרצע קליידער אין איינזאַמען צימער.

ניט ווייט פון מיר איז דאָ אַ „נאָנערי“. יעדן פרימאָרגן גיי איך פאַרביי די געביידע — אַ רויטע הויז לעבן פאַרק. אין יעדן פענסטער אַ בילד פון גאָטס מוטער און ביי די זייטן צו צוויי ליכט, וואָס צאַנקען און ווילן ניט שטאַרבן.

איך שטיי אין פרימאָרגן גרויקייט און קוק צו די פענסטער. אַמאָל הערט מען שוין דעם געזאַנג פון פרימאָרגן־געבעט. אַמאָל איז שטיל מיט דער שטילקייט פון אַ גרויסן קבר. נאָר שטענדיג טרעף איך ביים לעצטן פענסטער אַ געזיכט, וואָס פילט אָן מיין האַרץ מיט שווערן אומעט.

צו ערשט האָב איך געדענקט, אַז דאָס איז אַ סטאַטוע, אַ מירטל ווייסע, פאַרביינקטע. דערנאָך, בלויע ווייכע אויגן, וואָס ווילן ניט שטאַרבן. און די בלייכקייט איז, ווי די צאַנקנדיקע ליכט, וואָס וועט אינגיכן אויסגיין; וועט איר לעבן פאַרזונקען ווערן אין דער גרויקייט דאָרטן.

דאָס לעבן, מיט אַלעס וואָס איז דאָ אין אים, האַלט אָפּן אירע אָרימס און רופט, און רופט; דער קערפּער, ווייס און פול מיט צוזאָגונג, מיט דעם רייץ פון דזשאַסמין־בלומען, מיט דעם צויבער פון שטילע נעכט און לבנה־שיין! אָט דאָרטן וועט זי זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שאָטן, אָפּגעבן איר האַרץ צו אַ גאָט, וואָס איז מער ניט ווי אַ ציטער פון דער מענטשלאַכער פאַנטאַזיע. צי

זי וועט געפינען טרייסט אָדער וועט זיך שפּעטער אויסניכטערן — יעדנפאַלס וועט זיין צו שפּעט.

און ווייסטו פאַרוואָס, דאַוויד? ווייל זי האָט ליב געהאַט איינעם, און דער איינער האָט זיך אויסגעוועפּט, און איר האַרץ איז ביטער. האָט זי פאַרלאָרן דעם גאָרטן פון לעבן און האָט אויסגעשלאָסן די זון פון איר פענסטער, ווייל ליבע, ווי שיין זי זאָל ניט זיין, טאָר ניט זיין אַ ציל פאַר זיך אַליין; עס דאַרף זיין ווי רעגן, צו באַפרוכפּערן די ערד. עס איז דער ציל צו דעם, וואָס ווייטער וועט זיין, וואָס איז ווערט אונזער ליבע; די בליאונג פון דער ערד, די בלומען, די גרינקייט פון די טאָלן און בערג און דאָס לעבן, וואָס מאָרגן וועט קומען!

מיר ליבן אויך, פריינט! מיר האָבן אויך די זעלבע טרוימען.

פרייד אָן טרויער איז אויך אונזער ליד. איבער דעם אַלעמען זעען מיר אָבער די פרייד פון מאָרגן, זעען די זון, וואָס לייכט אַראָפּ פון די בערג.

איך ענדיג דעם בריוו אין פרימאָרגן ליכט. אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. עס טרעפן צייטן, אַז די אומרו פון ווינט קלייבן זיך אַריין אין מיין האַרץ און רופט און שאַלט, ווי די פון מיין יוגנט. עס בענקט זיך נאָך אַ פאַרוואָרפן ווינקל מיט איינער, וואָס לעבט אין דיין פאַנטאַזיע און רופט צו דיר מיט דער שטים פון דיין האַרצן. קיין סך גליק האָב איך אין מיין לעבן ניט געהאַט. אין מיין אָרימער שטעטל האָט די נויט געוויינט; דער טאַטע, זייער אַ קלוגער, מיט דער שטילקייט אויף זיינע ליפּן, מיט טרוימען, וואָס דער הימל האָט נאָר געוואוסט. איצט איז מיר ליב זיין יעדעס ריר, וואָס איך קען געדענקען; זיין טרער, וואָס האָט געלויכטן אין זיינע אויגן, ווען ער האָט דעם דרייצן יעריגן אינגל אָפּגעלאָזן, ווי דער ווינט אין פעלד, צו זוכן זיין גליק אין פרעמדע לענדער.

ברוויט איז קיינמאָל ניט געווען גענוג: פאַלעסיע, מיין אָרימע היים! פעלדער קוטיגע, וויינען מיט אומעט; שטרויענע דעכער, נידעריגע הייזער — ליד פון טויזנט וויעען.

אַמעריקע, לאַנד פון קראַפט! ריזיגע פאַבריקן שרייען פון דיין מעכטיקייט. דיין האַרץ האָב איך דורכגעשניטן, בין געווען וואו מילדע ווינטן מיט טראָפּישע הימלען זינגען פון ליבע; האָב גע־געסן די שטויב פון דיינע קוילן־מינעס; בין געווען אין די פאַר־שנייטע פעלדער, וואו יעדעס בוים האָט מיין ליד פון קראַפט גע־זונגען, מיינע גלידער זיינען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן; מיין פריי־דיג האַרץ איז אומעטיג געוואָרן פון לאַנד פון מיין טרוים.

און אַז מיין האַרץ האָט געבענקט נאָך ליבע, האָב איך דאָס נאָר געפונען ביי דיינע געפאַלענע. אין די הינטערגאַסן האָב איך מיין פרייד געזוכט. מיין בלוט מיט זייער בלוט צוזאַמענגעמישט, ווייל איך, דער וואַנדערער, דער נאַר פון טויזנט טרוימען, האָב געזען די ליבע, וואָס איז באַהאַלטן אונטער דעם טיפן פיין.

די זון זילבערט איצט דעם שניי... איך הער שוין די טריט פון דעם גרויסן ריז. דורך מיין פענסטער הויבן שוין אָן פאַרביי־גיין אַרבעטער צום שלאַכטפעלד, איינער נאָך איינער... צווייען־ווייז... פאַראויס! אַדיע פריינט! איבערגעריסן האָט זיך דער פאָדים פון מיין בענקעניש. ווי אַ מיראַזש איז מיין טרוים גע־בליבן הייננגען אין דער לופט. באַלד וועט עס צורינען, ווי גאָר ניט געווען.

פוס־טריט, טויזענטער, איינס נאָך איינס — מאַרש, באַלד וועל איך זיין מיט זיי. דורך די גאַסן צו די פאַבריקן, קלאַנגען, קלאַנ־גען. דער אָנזאָג פון אַ נייער צייט. באַלד וועט זיך אַ ליכטיקייט צעגיסן איבער דער שטאָט.

איך ענדיג. מיין בענקעניש האָט אַ ציטער געטאָן ווי אַ שיין פון דער זון. איצט איז ליכטיג אין מיין האַרצן, פרייד פאַר אַ זוניגן מאָרגן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דער אומעט קעגן דעם גרויסן טאָג, וואָס קומט? זיכער קומט... איך הער די טריט ביי דער טיר, ציטערדיגע, נאָר זיכער וועלן זיי דערגרייכן דאָס לאַנד פון מאָרגן.

# פּלאַמען

איך בין געלעגן אין וואַנע און געלאָזן די קאַלטע וואַסער שטראָמען איבער מיין קאָפּ. נאָכאַנאַנד שכור'ן און דערצו זיך הרג'ענען מיט דעם באָס פון סאַלון, האָט געמאַכט מיין לייב ווי א ריבאייזן. פאַרלעס וואָס זיי זיינען! הינטישע זין! איך וועל זיי ווייזן ווער עלטער איז! דערווייל האָב איך זיך קוים געקענט רירן און די קאַלטע וואַסער האָט מיך געמאַכט פילן בעסער. ערשט עס עפנט זיך די טיר פון באַד־צימער און עס שטעקט אַריין די קאָפּ פלאָרענס — די רויט־האָריגע מויד פון „מאַגדאַלענאַס הויז".

„פאַרמאַך די טיר, קלאַפּטע! וואָס דענקסטו, דאָ איז אַן אויסשטעלונג?"

שמייכלט זי און זאָגט:

„איך וויל אָפּוואַשן דיין פּלייצע, מיין אומשולדיג קינד!" און זי צעלאַכט זיך מיט אירע ווייסע ציינער, אַז די כאַליערע כאַפּט איר.

„גיי צום טייוול, זיסע טייבעלע. איך האָב דיך ליב ווי האָניג. גיי צו אַלע קלאָגן. איך ווייס וואו דיין בעט איז — איך וועל שוין טרעפן! לאָמיך זיך נאָר דערהאָלן פון די קלעפּ וואָס איך האָב געקראָגן, וועסטו שוין זען, הינטישע טאָכטער, וואָס איך וועל מאַכן פון דיר!"

נאָר זי איז ניט אַוועק, ביז זי האָט זיך איינגעביסן אין מיין האַלז, אַז איך האָב דערזען דער באָבן פון הימל.

„מאַגדאַלענאַ'ס הויז" איז געווען ביי דער צוועלפטער עוועניו. ווען איך בין געקומען אין שטאָט, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ וואַסער־רעט, און ער האָט מיך געבראַכט אין דעם הויז. אַ פיינע הויז — ניטאָ וואָס צו ריידן. אַלע פרומע און גאָטספאָרכטיגע לייט

האָבן דאָ געוואוינט. און די פרייע דאַמען — אַ פאַרגעניגן! זיי האָבן געוואוסט דעם וועג צום הימל. זיי זיינען געווען ווי די שטערן — זיי פלעגן זיך נאָר ווייזן ביינאַכט. די ריכטיגע טייבע־לאַך — זיס ווי ציבעלע. נאָר די רויטע מויד איז געווען אַ בראַנד. אַ טייער קינד.

אונטן איז געווען אַ קאַפע. אויבן דער האָטעל. דער אויפ־זעער איז געווען מידאַס, אַ גריך מיט איין האַלבן פּנים — דעם צווייטן האַלבן האָט ער פאַרלאָרן, ווען ער האָט געאַרבעט אין אַ שטאָל־פאַבריק און אַ קעסל האָט געפּלאַצט און אים אַרונטערגע־ברענט אַ האַלבן פּנים. עס איז געווען שרעקלאַך אויף אים צו קוקן: הויך און שיין געוואַקסן, געזונט ווי אַ דעמב! נאָר דאָס געזיכט איז געווען ווי אַ מוראדיגער חלום! און דאָך זיינען מיר געווען פריינט. איך בין קיינמאָל ניט אַוועק פון אים, ווען ער פלעגט אַזוי שוידערלאַך שמייכלען; קיינמאָל אים ניט געמאַכט צו פילן דעם שוידער, וועלכער פלעגט פרירן מיין בלוט, ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים.

מידאַס האָט פיינט געהאַט צו ריידן. דאָך האָב איך געוואוסט, דאָס ער איז פאַרליבט אין דזשינען. זי איז געווען די אינגסטע אין הויז, מיט אַ ווייס ראָזעווען פּנים, טונקל־ברוינע אויגן און פון מיטעלן וואוקס. אין גאַס האָט מען געקענט מיינען, אַז זי איז אַן אומשולדיג מיידעלע. איר קליין מיילכל מיט די ליפּן און די גרויסע אויגן מיט די געדיכטע ברעמען. זי איז געווען די ערגסטע אין הויז. אַלעמען פאַרטשעפּען, שפּילט זיך ווי אַ קאַץ: דעם אַ קוש, דעם אַ גלעט, און אַז עס קומט צו עפּעס — שטעקט זי אַרויס אַ צונג און צעלאַכט זיך ווי אַ טייוול. דער בראַנד זאָל איר נעמען.

איך האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל ניט מאַכן אירע פוילע שטיק מיט אים. ער וועט איר אַמאָל דערשטיקן — האָט זי זיך צעלאַכט, מיר געגעבן אַ שלעפּ פאַרן נאָז און אַנטלאָפן. לויף, מיין זיס מיידל! דער טייוול וועט דיך כאַפּן!

אַנטקעגן מיין חדר האָט געוואוינט איינער ווילסאָן. איך האָב נאָך אַזאַ מענטשן ניט געזען. ער איז שוין געווען אַן עלטערער — ביי אַ יאָר פופציג, אַ דאַרער, אָן האָר, מיט טיפע איינגעזונקענע אויגן! זעלטן ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין חדר. די מיידלאַך האָבן אים גערופן פּאָפּ, און ער פלעגט אומעטיג און פאַרלאָרן שמייכלען. שטונדן און טעג איז ער געזעסן ביי דעם פענסטער און געקוקט צום וואַסער. פאַר דער צייט וואָס איך האָב געוואוינט אין „מאַג־דאַלענאַ'ס הויז" האָבן מיר קיינמאָל ניט פאַרביטן קיין וואָרט.

און דאָך האָב איך אָמאָל געטראַכט וועגן דעם פאַרלאָרענעם מענטשן.

אונטן האָב איך פאַרבראַכט אַ סך טעג און נעכט. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל אַזוי גיך דאָס הויז ניט פאַרלאָזן. גרופּעס זיינען געזעסן אַרום די טישלאַך און דערציילט פון פרעמדע לענ־דער, שכור'ן און זיך שלאָגן. מאָרגן — אַנדערע מענטשן, אַנדערע שפּראַכן. דער ים ברענגט פון אַלע לענדער, פון יעדן ווינקל פון דער ערד. דאָ זיך געטראָפן, אַוועק און פאַרגעסן, און אפשר וועלן זיי נאָך אָמאָל דערגרייכן דעם פּאָרט!

וואַנדערער זיינען מיר אַלע — ווער עס רייסט זיך אָפּ פון די קייטן און וואַנדערט; ווער עס ליגט פאַרשלאָסן אין זיין חדר און חלומ'ט. אַלע וואַנדערן מיר. ערגעץ, ערגעץ איז דאָ די לאַנד, וועלכע מיר ווילן אַלע דערגרייכן.

איך האָב געאַרבעט אַ פּאָר טעג אין וואָך. געווען גענוג פאַר מיר. פלאָרענס, די רויטע מאַמעטשקע מיינע, האָט געוואַכט איבער מיר; שוין איינמאָל געשריען אויף מיר, ווי אַ ווייב — האָב איך איר דערלאַנגט אין שנוק און דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן רינען פון די ליפּן, איז זי געפאַלן אויף די קני און געקושט מיין האַנט. האָב איך זיך דערפילט אַזוי עקלדיג, אַז איך האָב איר אָפּגעשטופּט פון זיך, האָט זי מיר אָנגעקוקט מיט טרערנדיגע אויגן. וואָס איז צו ריידן מיט דער מויד! גייט זי אַוועק און קויפט מיר אַ זיידן העמדל, און זאָל מיך די ניכפּע כאַפּן, אויב איך האָב ניט געגלעט אירע האָר און געקושט אירע ליפּן.

איך בין געווען אַליין אין מיין חדר, ניט געוואָלט אַרונטער אונטן. קלאַפּט אימיצער אין מיין טיר — ערשט מידאַס. „זעץ זיך“, זאָג איך. זעצט ער זיך און קוקט אויף מיר לאַנג, שווייגנדיג. ענדלאַך רעדט ער אַרוים שטיל:

„וואָס זאָגסטו, מייק. דענקסטו, אַז אַ פרוי וואָלט געוואָלט ווערן מיין ווייב?“

„צו וואָס פרעגסטו עס, מידאַס?“

„ענטפער!“ זאָגט ער אַביסל אויפגערעגט.

„וואָרום ניט, מידאַס? איך בין זיכער אַז אַ ווייב קענסטו קריגן. גאָר קיין פראַגע ניט!“

קוקט ער מיך לאַנג אָן. וויל ווי́סן, אויב איך מאַך ניט קיין שפּאַס. נאָר איך זיץ און קוק אים גלייך אין די אויגן אַריין.

„פאַרשטייסטו מייק. איך האָב אַביסל געלט, געוואָלט קויפן אַ פאַרם. אַליין איז שלעכט. ווען זי וואָלט געוואָלט, וואָלטן מיר אַוועק. איך האָב אָבער מורא, מייק! פאַרשטייסט, אַ פרוי זוכט ניט דאָס האַרץ!“

ער בלייבט זיצן שטיל. איך ווייס וואָס ער טראַכט.

איך טרייסט אים, נאָר אין האַרצן טראַכט איך, אַז די וועלט וואָלט געמעגט אונטערגיין, צו אַלדי קלאָגן, און מידיאַס פאַרלאָזט שווייגנדיג מיין חדר.

שווערע טעג זיינען אָנגעקומען. אַרבעט איז געוואָרן ווינציגער, דער הונגער גרעסער. אַ סך טראַנספּאָרט אַרבעטער, מעטאַל אַר־בעטער זיינען אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט. אומרואיג איז געוואָרן ביי די ברעגן ערד, ווי עס איז געווען אין יענע טעג די וואַסערן. עס איז געווען דער מאָנאַט מערץ, מיט בייזע און שטעכיגע ווינטן, מיט כמורנע טעג, און ביינאַכט איז די קעלט געווען אַזוי שטאַרק, אַז גאַסנפרויען און אַרבעטסלאָזע האָט מען געפונען דאָ און דאָרט פאַרפראָרענע. אונטן, אין „מאַגדאַלענאַ'ס הויז“ האָט מען שטאַרק געראַדט — אַ סטרייק פון טראַנספּאָרט־אַרבעטער פאַר קירצערע שטונדן. די אַרבעטער זיינען געווען פאַרביטערט. דער גאַנצער ברעג איז געווען אָנגעלאָדן מיט אומרו, ווי אַ פאַס פּולווער.

צו יענער צייט איז אין הויז אָנגעקומען אַ נייער גאַסט, האָט געגומען אַ חדר, פּיין באַצאָלט. געווען איז ער אַ מאָדנער העכט. אויסגעקוקט האָט ער ווי אַ טראַנספּאָרט אַרבעטער, די שווערע הענט, די ברייטע פּלייצעס, דער עטוואָס־איינגעבויגענער רוקן האָבן גערעדט פון שווערע אַרבעט. און דאָך — די אויגן שאַרפע, שפּי־ציגע, האָבן ניט געקענט איינרוען אויף אַ סעקונדע, און איך האָב געפּילט אַ ווידער־געפיל צו דעם מענטשל, ניט ווּיסנדיג פאַרוואָס.

איין זאַך האָב איך באַמערקט, אַז דזשין איז מיט מאַרטינען צופיל גוט־ברודער. איך האָב גלייך געוואוסט, אַז עס איז אַ ליגן וואָס ער האָט דערציילט, אַז ער קומט פון „פריסקאָ". איין מאָל, ווען איך בין געווען וואו זיין חדר איז, האָב איך באַמערקט, אַז דזשין עפנט אַליין אויף זיין טיר. אים האָב איך באַמערקט שטיי־ענדיג ביים וואַנט. איך האָב באַלד דעמאָלט געוואוסט, אַז עפּעס שפּינט זיך דאָרט. איך האָב באַשלאָסן דערווייל צו שווייגן און זען וואָס עס וועט זיין.

מיין אַרבעטן איז געוואָרן ווינציגער, דאָס געלט איז שוין געווען צום ענד. אַ שאָד איז מיר געווען צו פאַרלאָזן „מאַגדאַ־לענאַ'ס הויז". איך האָב אָבער געוואוסט, אַז עס וועט ניט העלפן. דער באָס פון דער הויז, כאָטש ניט קיין שלעכטער, האָט געוואָלט זיין געלט אין צייט. איך האָב געטראַכט: „וואוהין?" קיין גוטע נייס איז פון ערגעץ ניטאָ: פאַבריקן שליסן זיך, אַ שלעכטער ווינט טראָגט זיך איבערן לאַנד. די קוילן־מיינער סטרייקן שוין מאָנאַטן. דאָ זיצט מען אויף פּולווער. איך האָב זיך ניט געקענט דורכ־טראַכטן וואָס צו טאָן.

אונטן איז דער חדר געווען איבערפילט. אַרבעטער האָבן דער־ציילט פאַרשיידענע נייסן. איינער דערציילט, אַז אין דער מעטאַל פאַבריק זיינען אָנגעקומען באַוואָפנטע היטער, מען האָט זיי גע־בראַכט פון אַ צווייטער שטאָט. אַ צווייטער האָט דערציילט, אַז די מאַרינען וועלן באַוואַכן דעם האַפן, אויב עס וועט צו עפּעס קומען. אַ דריטער: אַז מען האָט אין דער פרי געפונען צוויי פאַרפראָרענע אַרבעטער, וועלכע זיינען געוואָרן אַרבעטסלאָז, ווען

די מאַטאָר־פאַבריק האָט פאַרמאַכט אירע טירן מיט אַ מאָנאַט צוריק. אַזוי איז געגאַנגען דער גאַנצער אָוונט. זיבער האָב איך שוין געוואוסט, אַז אַ שטורם קומט. און דער מאַרטין, דער נייער גאַסט, זיצט דעם גאַנצן אָוונט מיט זיינע שפּיציגע אויגן. און זי, דזשין, מאַכט זיך, ווי זי קען אים גאָרניט. איך בין אַרויף אַן אומרואיגער אויבן.

איך ווייס ניט וואָס איך האָב געטראַכט, ווען מיין רויטע מיידל האָט אָנגעקלאַפּט. איך האָב זיך ניט אויסגעדרייט פון פענסטער. זי איז צוגעגאַנגען, אַרומגענומען מיט אירע פּוכקע הענט מיין האַלז און געשוויגן. אַנטקעגן זיינען געווען די גרויסע שפּייכלערס אָנגעפילט מיט שפּייז, קליידער און וואָס ניט! פעסטונגען, הויך, און אויבן מיט טורמס. גראַניט, האַרטע שטיין, שטאָל, גרויסע שווערע טירן היטן די שפּייז פון די הונגעריגע. ווייטער די שטאָט. שטאָט! איצט איז נאַכט. מיליאָנען אין קעמערלאַך, און יעדער איינער וויל לעבן, און יעדער איינער חלומ'ט זיין חלום, און איבער זיי הענגט איצט די נאַכט, און איבער דער נאַכט הענגט דער הימל. און ווייטער?...

פלאָרענס האָט געהאָלפן מיך אויסטאָן, אַרונטערגעשלעפּט מייַנע קליידער; געפרעגט שטיל, אויב זי קען שלאָפן מיט מיר. אָרים, זיס מיידל! וואָס ביזטו ביי זיך אַזוי געפאַלן? ווער ווייסט, ווער ביי וועמען דאַרף פאַרגעבונג בעטן? מיר שפּייזן אַלע מיט אונזער לייב דאָס לעבן. אויף אַ זאַמדיג פעלד, זיסינקע, וואַקסן ניט קיין בלומען. אין אַ שלאַכט־הויז, ליבינקע, שמעקט ניט קיין פּאַרפיום.

יאָ, די רויטע האָט געקענט ליב האָבן. זיבער וואָלט זי געווען אַ גוטע ווייב. איר היים איז ניט געווען קיין פּאַלאַץ. איר גאָרטן — די שמוץ וואָס מען פירט צום „איסט ריווער". אירע פריינט? איר געפינט זיי אין די פאַבריקן, אויף טייכן און ימ'ען, איבער גאַסן און געסלאַך — אומעטום וואו עס איז דאָ נויט! ביי איר וויג האָט מען קיין לידער ניט געזונגען; עס האָט גערעוועט דער רוף פון די פאַבריקן; דער געשריי פון די שיפן, וועלכע האָבן

געשניטן די וואסערן פון „איסט ריווער". ארים, זים מאמעלע מיינע! פארגיב מיר! איך האב היינט צופיל געטרונקען און פון מיר שרייט ארויס מיין מענטשלאך הארץ.

מידאס איז צו מיר געקומען נאך פארטאג. ווייזט אויס, אז ער איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפן. ער האט געקוקט אויף מיין רויטער, וועלכע האט געהאלטען אירע ארימס ארום מיר און ער האט א שמייכל געטאן, און דער האלב־צופרעסענער פנים האט זיך מורא׳דיג פארקרימט.

„זיץ, מידאס".

ער האט זיך אוועקגעזעצט ביי אונזער בעט.

„הער זיך איין, מייק. איך וויל אוועק פון דאנען! זאל א שטורם קומען אויף דעם הויז. איך קען דא מער ניט אויסהאלטן!"

פלארענס האט פעסטער ארומגענומען אירע ארימס ארום מיר, און איך האב אים אנגעקוקט שווייגנדיג.

„פארשטייסט, איך בין דאך א מאן! באטש דער קעסל האט צופרעסן מיין פנים. איך האב געוואלט קויפן ערד, דו פאר־שטייסט — אזוי האט מיין טאטע געלעבט. ווייסע פערד, אקער־אייזן, פעסטע ערד, בליאונג און א טייכל. איך קען ניט לעבן אין דער שטאט! פארשטייסט, אזוי האט מיין טאטע געלעבט. פאר־שטייסט, עס איז מיר איינג, צו גרויס פאר מיין גלייכן. באלד קיין הימל שוין ניטא. טא ווי לעבט מען? איצט איז שוין אבער פארפאלן! זי איז אויבן א גאנצע נאכט און איך וועל שוין אלע מאל זיין אליין. טא וואו גייט מען, ברודער? פארברענט איז דער נעסט איידער איך האב אים געבויט. און דא איז מיר איינג, און וואוהין צו גיין ווייס איך ניט!"

אזוי געקומען און אוועק. דרייסיג יאר און ער קען שוין ניט געפינען קיין פלאץ. רויטע מאמעטשקע מיינע, וואס וויינסטו? דאס איז דאך דער לעבן. מיר גייען — גייען — זוכן — זוכן. דער וועג צו דעם ליכט איז א שווערער. מען בויט אויף די וואס שטארבן. דאס לעבן גייט אויף די רואינען פון טויט! קוש ניט די האנט מיינע, ליבינקע שוועסטערל מיינע. וואס בין איך בעסער

פון דיר? הויב אויף די אויגן — שמייכל! זעסט, די זון שמייכלט שוין אין פענסטער, רויטע מאַמעטשקע מיינע!

דער האָפן איז געווען דאָס אָפענע מויל, וועלכע האָט געשפּייזט די שטאָט און די שטאָט האָט אַלץ פאַרשלונגען. די אַרבעטסלאָזע אַרבעטער האָבן געקוקט, ווי די שפּייז פאַר זייערע קינדער ווערט אַוועקגעפירט דורך די שווערע מאַשינען און די שלעפּ־פערד, וועמעס טריט האָט טאָג ווי נאַכט אָפּגעהילכט איבער דער שטיינערנער גאַס. ווילסאָן, דער פאַרלאָרענער מענטש, איז פּלוצלינג באַרימט געוואָרן. ער האָט געעפענט אַ פּלאַץ פאַר הונגעריגע קינדער. פון וואַנען ער האָט גענומען דאָס געלט ווייס איך ניט — נאָר דער מענטש איז אַנדערש געוואָרן און די אויגן זיינע האָבן געשיינט מיט אַן אַנדער ליכט.

מידאָס איז שווייגנדיגער געוואָרן. אויך מיט מיר האָט ער ווינציקער גערעדט. פלאָרענס איז געוואָרן זיין פאַרטרויטע און זיי האָבן ביידע עפּעס זיך אַרומגעטראָגן מיט געהיימע פּלענער. איך האָב זיי גאָר ניט געפרעגט, נאָר אירע אויגן זיינען געווען אָנגעפילט מיט טיפקייט.

איין טאָג האָב איך באַגעגנט מיינעם אַן אַלטן פריינט. געקענט האָב איך אים פון „טענעס", וואו מיר האָבן ביידע געאַרבעט צוזאַמען אויף די פעלדער און גערטנער. אַ גוטער חבר, מיט אַ גרויס האַרץ, מיט אַ ליבשאַפט פאַר מענטשן, וואָס איז געווען אַזוי גרויס, ווי די אַריזאָנע וויסטעניש. איך האָב גאָרניט געוואוסט אַז ער איז דאָ. אָבער עס איז גוט געווען אים צו זען, צו דריקן זיין שטאַרקע האַנט.

„וואָס טוסטו דאָ, סטיוו? וואָס פאַר־אַ־גוטע־ווינטן האָבן דיך אַהער געבראַכט?"

ער שמייכלט:

„געקומען, מייק, און דאָס גאָר..." ער טראַכט אַ סעקונדע:
„און דו, וואָס טוסטו?"

„גאָרניט, סטיוו! איך רו. איך הער ווי די קראָען פלאַטערן איבער דעם ברעג ים און איך וואַרט".

„דו, מייק? דו רוסט?" ער שמייכלט ביטער. „ווי קענסטו?"

„דער ווינט רוט אויך אמאָל. דער ים ווערט אויך מיד. איך בין ניט מער ווי בלוט און פלייש, סטיוו! בין איך מיד, וואָרט איך פאַר מאָרגן, און דעמאָלט ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין?"

„דו וואַרסט און די רעדער צעמאָלן אונז! אַזוי פיל אַרבעט, און דו וואַרטסט אויף מאָרגן! און ווער וועט טאָן דיין אַרבעט? ווער וועט טאָן מיין אַרבעט? מיד? — דו ווייסט וואָס זיי האָבן צו מיר געטאָן אין פריסקאָ? געשניטן מיט בייטשן מיין לייב! איך וועל דיר ווייזן, דאָס פלייש איז נאָך בלוטיג, עס זיינען נאָך דאָ וואונדן. דענקסטו צו ענדערן דאָס לעבן — טאָ גיב זיך אָפּ איינגאַנצן! גיב בלוט, גיב דיין פלייש, גיב דיין האַרץ און דער־נאָך שטאַרב! וועט אַ ווערבע אַמאָל בליען אויף דיין גרוב; וועלן גליקלאַכע מענטשן אַמאָל זינגען וועגן די געפאַלענע!"

מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט. ער האָט גענומען מיין האַנט און זי געדריקט. אַ הייסער שטראָם בלוט האָט זיך געריסן דורך מיין קערפּער און ער, דער האַרציגער סטיוו, האָט ווייטער גערעדט:

דער ווינט מעג רוען! דער ים מעג שטיל ווערן! מיר אָבער מוזן אַנגיין מיט אונזער אַרבעט! היינט־מאָרגן, ווער ווייסט צי ער וועט קומען פאַר אונז? מאָרגן וועלן אַנדערע איבערנעמען די אַרבעט. היינט! היינט!

ער איז אַוועק. געוואוסט האָב איך שוין, אַז די טעג וועט אַ שטורעם אויסברעכן! איך בין געקומען אין „מאַנדראַלענאַ'ס הויז". פּלאַרענס איז ניט געווען. פון דער ווייטן, לעבן די פּיערס, זיינען אומעטום געשטאַנען אַרבעטער אין גרופּן מיט פינסטערע פּנימ'ער, געקוקט צו דער אויסלאָדונג פון שיפן. ענדע מערץ, די זון אַ בלייכע, אַ קאַלטע. אַ ווינט רייסט זיך פון וואַסער, שרייט איבערן שטאָט. איך ווער מיד און אומרואיג. איך גיי אַרונטער אין גאַס. איך גיי פאַרביי ווילסאָנס פרייען שפּייז פּלאַץ. הונגער. רייען פרויען, מענער, קינדער. ווילסאָן שטייט אַ בלייכער, קוקט אויף

די מענטשן. אין טרויער איז זיין פּנים. ער זעט מיך און זאָגט מיט ביטערניש:

„אַך, גאָט, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון דער ערד! דעם הימל האָבן זיי פאַרשעמט. וואָרום ברענגט ניט גאָט זיין צאָרן אויף זיי?! צו וואָס דאַרפן זיי אַזוי פיל? וואָרום לאָזן זיי די קינדער ליידן פון קעלט און הונגער?" זיין קולאַק האַלט ער קעגן די הויכע שפּייז־פּעסטונגען וועלכע לאָבן קאַלט אַרונטער צו די מענטשן. עס גייט אַריין אַ בלייכע מיידעלע, אַ יאָר צען; אַ בלאָנד קעפּל האָר מיט טיפע בלויע קינדערשע אויגן. ער לאָזט מיך איבער, לויפט איר אַנטקעגן, און זיינע אויגן ווערן העל און ליכטיקער. איך גיי שנעל אַרויס, לויף שנעל אין מיין חדר. סטיוו וואַרט אויף מיר. זיינע אויגן, שיינענדיגע, זיינען פול מיט דערוואַרטונג.

„מאָרגן, מייק!"

ער שמייכלט.

„פון וואַנען וויסטו, סטיוו?"

„וואָס איז דער אונטערשייד? מאָרגן וועט דאָס געשען! זיי וועלן וואַרפן די אַרבעט. וואָס קען שוין פאַר זיי ערגער זיין?"

„מאָדנע, סטיוו. אַזוי פיל שוין דורכגעמאַכט און דאָך ציטער איך פאַרן מאָרגן! עס איז אַ פאַרגעפיל, וועלכער דריקט מיך צו דער ערד!"

„האָסטו אַ גוט האַרץ, מייק! איך האָב דיך ליב פאַר דעם. אָבער קיין קאַמף קען מען מיט דעם ניט געווינען! איך וויים, עס שרעקט דיך די בלוט! מיר אויך. אָבער וואָס זאָל מען טאָן? זיך לייגן אונטער די רעדער און צומאָלן ווערן? בלוט? — יאָ, אַלע מאָל אַזוי! אפשר מיינע, און עס קען זיין דיינע. דער גאַנצער מענטשלאַכער קאַמף אַזאַ". ער בלייבט שטיל אַ מינוט. דערנאָך רעדט ער ווידער: „איצט איז שפּעט צו ריידן. מאָרגן זיי אין דער פרי אין גאַס. נו, זיי געזונט!" ער דריקט מיין האַנט און קוקט אין דער ווייטקייט.

עס עפנט זיך האַסטיג די טיר. עס קומט אַריין פלאָרענס. דערזעט סטיוון און וויל גיין צוריק.

„קום אריין, זיסקייט מיינע! דאָס איז מיינער אַ חבר פון לאַנגע צייטן, און דאָס, סטיוו, איז מיין זיסינקע מיידל“.

פלאָרענס קוקט מיך מאָדנע אָן.

„איך האָב שוין געזען דיין פריינט. איך ווייס ווער ער איז. דו האָסט גוטע חברים, שיינער מיינער...“ זי שמייכלט.

„הער זיך איין: וואו ביזטו געווען, טייבעלע מיינס! און וואו איז מידאָס?“

זי קוקט מיך אָן דערשראָקן.

„דו וועסט זיך ניט בייזערן אויף מיר?“

„וואָרום רעדסטו ניט, הינטישע טאָכטער?“ ווער איך אויפ־גערעגט. „איך וועל דיך באַלד דערלאַנגען אין דיין העסלאַכן פּנים, דו נאַרישע מויד!“

„נו, שאַ!“ בעט זי זיך. „איך וועל דיר דערציילן: מאַרטין איז אַ פינקערטאָן. דאָס האָט מידאָס אויסגעפונען, און די צו־פוילטע מויד, דזשין, איז געווען זיין אַרויסהעלפער. זי איז אַוועק נעכטן פאַרנאַכט אין זייער אַפּיס, איבערגעבן מאַרטינס אַ בריוול. איך האָב אַלץ געזען. זי איז אָבער צוריק ניט געקומען“.

סטיוו האָט אַ שפּיי געטאָן.

„וואו איז דער וואָרים? מען טאָר ניט וואַרטן קיין מינוט“.

פלאָרענס האָט אומעטיג געשמייכלט:

„ניטאָ וואָס זיך צו איילן. מידאָס האָט אים ערגעץ פאַר־פּאַקט“.

„טאָכטער מיינע, דו האָסט אַ גרויס האַרץ, ווי מייק. אָבער דו וועסט מער געבן דער וועלט, ווי די וועלט דיר“. סטיוו האָט געקוקט אויף איר מיט אַזאַ צאַרטקייט, אַז עס האָט זיך אויסגע־דאַכט, אַז ער וויל איר געבן אַ טייל פון זיין גלויבן אין ליבע, וואָס ער האָט פאַר די מענטשנקינדער.

סטיוו איז אַוועק. פלאָרענס האָט לאַנג געקוקט אויף מיר. איך האָב זיך געפילט אומבאַקוועם.

„הער אויף ראַטשן אויף מיר! וואָס ביזטו היינט אַזוי צו־דרייט?“

זי האָט ניט געענטפערט, נאָר די טרערן האָבן זיך געשפּאַרט פון די אויגן.

איך האָב געשוויגן. זי איז געזעסן אויף דער ערד, איר קאָפּ אויף מיינע קני. אירע רויטע פלאַמענדיגע האָר האָבן זיך גע־גליטשט ווי גאָלד־פעדים דורך מיינע פינגער. איר ביליגער פּוידער, דער ריח פון פרוי — אַלעס האָב איך אין זיך אַריינגעאָטעמט דעם פּאַרנאַכט, און אַ פיינלאַכער געפיל האָט גענאָגט מיין האַרץ, און געוואוסט האָב איך, אַז די ווייב וואָס ליגט לעבן מיינע פיס, איז מיר זייער טייער און עס וואָלט פאַר מיר זייער שווער געווען מיט איר זיך צו שיידן.

ביינאַכט האָב איך געזען מידאַס׳ן. איך האָב אים געזען אין זיין חדר. די הענט ליימיגע, דער רוקן געבויגן, דער קאָפּ טיף אַרונטער. איך האָב אים געפרעגט וועגן מאַרטינען! צו וואָס? וועגן איר — אודאי ניט. נאָר זיין געזיכט האָב איך דאָך געדריקט צו זיך. דערנאָך בין איך אַוועק, געלאָזן דאָרט די שאָטנס.

אין חדר, טייערינקע מיינע... נעם מיך אין דיינע אָרימס, גיב מיר דיין מויל! היינט, זיסינקע מיינע, היינט! מאָרגן וועט זיך דער מויל פון דער שטאָט פאַרמאַכן. זאָלן אַלע פילן דעם טויט־שרעק פון הונגער! זאָלן זיך אָפּשטעלן די רעדער! זאָלן שווייגן די מאַשינען! פאַר וועמען דרייען זיך די רעדער? צו וואָס אַר־בעטן די מאַשינען? קינדער יאָמערן אַלץ איינס אין די גאַסן! פאַרפרוירענע, פאַרהונגערטע!

איך האָב געעפנט די אויגן. זון אין די פענסטער. שטיל אין די גאַסן. אַרבעטער אומעטום. פאַרגליווערטער שטורם. פורן פאָרן ניט, מאַשינען פאַרלאָזן. איך בין שנעל אַרונטער אין גאַס.

„סקעבס וועלן זיי ברענגען!“ שרייט איינער. „מאַרינס“, האָט געזאָגט אַ צווייטער. „און מיר וועלן שווייגן?“ האָט געדונערט אַ דריטער.

„שווייגן? ניין! ניין!“

דער טאָג איז אַוועק שטיל. פּאָליציי אויף פערד האָבן פּאַטרו־לירט דעם האַפן. מאָרגן וועט מען ברענגען סקעבס. נו, וועט

מען זען! דערווייל איז געווען שטיל. אַ גאַנצן טאָג האָב איך סטיוו'ן ניט געזען. מיטינגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מילך זאָל מען דורכלאָזן. שפּייז — ניט. די אָרימע האָבן ניט מיט וואָס צו קויפן, הונגערן זיי אַזוי אויך. די איבעריגע זאָלן פרעסן מייז! ביינאַכט האָבן שאָטנס פּאַטרו־לירט די גאַסן. טויזנטע פּאָר אויגן האָבן געלויערט אין דער פינס־טערניש. איך בין געווען אין אַ ווינקל. באַלד האָט זיך די נייעס פאַרשפּרייט און מען פירט סקעבס! ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורכגעריסן די לופט — אַזוי האָט זיך די נייעס פאַרשפּרייט. אַלע האָבן געוואַרט פאַר אַ צייכן! מינוטן, באַלד. שאַ. אַט האָט אַ פייער זיך אַ ריס געטאָן אין דער לופט. מיר זיינען אַרויס פון לעכער: פייער! פּלאַם! טויזנטער הענט, ווילדע געשרייען, דורכגעבראָכן די רייען פון דער פּאָליציי, פאַרטריבן די ווערים. עס האָט אונז אָבער געקאָסט דריי געפאַלענע חברים און אַ גרויסער טייל פאַרוואונדעטע.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די ערשטע נאַכט.

טאָג נאָך טאָג זיינען אַוועק. די מאַרינס האָבן פּאַטרולירט די גאַסן. אַ סך סקעבס האָבן געאַרבעט. אַ סך פון אונזערע זיינען שוין געווען פאַרשפּאַרט. סטיוו און די איבעריגע האָבן זיך געגרייט. רעאָרגאַניזירט די אַרבעטער. איך בין געווען פאַרנומען מיט אַרבעט פון צושטעלן אינפאָרמאַציע, און ווען איך בין גע־קומען אַהיים, האָט שוין דער טאָג געגרויט.

פלאָרענס האָט געוואַרט אויף מיר. זי איז געזעסן אין איר מאַנטל, ווי זי וואָלט זיך געגרייט אַוועקצוגיין. די אויגן האָבן געוויינט אָן טרערן. דער פּנים בלייך, די ליפּן טרוקן. זי האָט געהאַלטן מיין האַנט אין אירער, זיך איינגעגראָבן מיט אירע אויגן אין מיין פּנים, דערנאָך זיי מיד פאַרמאַכט. איצט בין איך גע־שטאַנען אויף מיינע קני און מיין האַרץ האָט געקלאַפּט מיט טויזנט שרעקן. האָט זי גענומען מיין קאָפּ אין אירע הענט און געקושט מיינע אויגן. גרויער שרעק האָט זיך געשלייערט אין מיר! אין דעם מאָמענט האָב איך געקענט גאָט בעטן ווי אַ קינד, וועלכע

ציטערט פאַר דאָס אומבאַוואוסטע! עפּעס איז פאַרפראָרן גע־וואָרן אין דער לופטן, עפּעס האָט די ליכט זיך געטונקלט אין חדר. עפּעס האָב איך געפילט, ווי אימיצער וואָלט געקלאָגט אין דער שטילקייט. אָבער קיינער הערט ניט, נאָר איך אַליין.

דערנאָך איז געקומען אַ טאָג אַ גרויער. פון דעם פרימאָרגן אָן האָט געדעגנט. אין דער פרי איז געקומען מידאָס. ער איז געזעסן ביי דער בעט. געדעדט שטיל, ווי פון דער ווייטן. אין אָט דעם פרימאָרגן האָט ער מיך דערמאָנט אָן איינעם וועלכער איז שוין האַלב אין דרעמל, נאָר ער ענטפערט נאָך, אָבער די שטים איז שוין אַ פרעמדע, אַ ווייטע.

„הער, מיך, ברודער מיינער! און דו, פלאָרענס, שוועסטער ליבינקע! עס איז מיר מאָדנע גוט דעם פרימאָרגן! איך פיל ווי אָן אָדלער, וועלכער טראָגט זיך אין די וואָלקנס. אָט טראַכט איך, אַז דאָס גרעסטע גליק פון אַ מענטשן איז צו שטאַרבן ניט פאַר זיך, נאָר אַוועקגעבן דאָס לעבן פאַר די דייניגע, ווייל דו האָסט זיי ליב, אָדער געבן דיין לעבן דערפאַר, ווייל דו האָסט, און וואַרטסט אַ גאַנץ לעבן אויף די פאַר מינוטן, ווען דו וועסט קענען אָפּצאָלן!"

ער האָט נאָך אַ סך גערעדט וועגן לעבן און טויט. און גע־וואוסט האָב איך, אַז קיין שטאַרקערער האָס ווי זיינער איז ניטאָ! אַז קיין גרעסערע ליבע ווי זיינע איז ביי געטער ניטאָ. מידאָס איז אַוועק און איך האָב געפילט ווי דער צימער איז פון אימיצן ליידיג געוואָרן, וועלכער וועט אייביג לעבן אין מיין האַרצן.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט אויפן וואָרט. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. נייע מיליטער איז אָנגעקומען. מער געדרונגענע היטערס אומעטום. די אַרבעטער זיינען געווען אומ־רואיג. איינער, אַ הויכער, האָט צו מיר גע׳טענה׳ט, אַז מען האָט גערעדט באַפאָלן דאָס מיליטער. „ניטאָ וואָס צו פאַרלירן. דער הונגער וועט אונז אַלעמען אויפפרעסן. די פאַרדינסטן וועלן גע־שניטן אין יעדער פאַבריק. די מאַשינען נעמען אַוועק אונזער אַרבעט — דאַרף מען דעריבער אַרבעטן קירצערע שטונדן! מיר זיינען געבאָרן ווי זיי! זיי האָבן אַלץ: פּאַלאַצן, יאַכט־שיפן, די

גאַנצע וועלט. מיר — בלויז הונגער, ליידן און ווערים! האָט דען מיין מוטער ניט געוויינט פאַר מיר? האָב איך דען ניט מיין גאַנץ לעבן געאַרבעט? וואָרום הונגערן מיינע קינדער? וואָרום זיינען איינג מיינע חדרים? וואָרום שיינט ניט די זון אין מיינע פענסטער?" גרויליק האָבן מיך געשטאָכן זיינע ווערטער, און ער האָט געווישט דעם שווייס, כאָטש עס איז געווען נאַס און קיל אין דרויסן.

מען האָט געבראַכט נייע סקעבס. דעם שמוץ פון אַלע שטעט האָט מען געבראַכט צו פאַרניכטן דעם ווילן פון די אַרבעטער. סטיוון האָב איך געזען דעם אָוונט פאַר אַ מאָמענט. איך האָב שוין געוואוסט, אַז אין דער נאַכט, אין אַ געוויסע שטונדע, וועלן מיר באַפאַלן די פיערס און שפּייכלערס פון שפּייז.

דער אָוונט האָט זיך איינגעזויגן אין מיין מאַרך. שטיקער נאַכט האָבן זיך געפּלאָנטערט איז מיין האַרצן. איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז שטונדן זיינען אייביקייטן. וואו איז פלאָרענס? וואו איז מידאָס? גאָט מיינער, ווי עס איז שטיל אויף די גאַסן! איז די שטאָט פאַרגליווערט געוואָרן? וואָרום פרירט מיין רוקן? האָב איך מורא? איז טאָקע אַזוי שווער צו שטאַרבן, ווען איינער האָט שוין דערגרייכט זיין צוויי-און-צוואַנציגסטן יאָר? און וואָרום דענק איך אַזוי וועגן טויזנט נאַרישקייטן?

שאָטנס. פינף מינוט צו צוועלף. אַ שיף האָט זיך צעשריען און רייסט די נאַכט. אַ שיכור זינגט וועגן זיין היים. ערגעץ וויינט אַ קינד. אַ ניגער זינגט „מאַי אָלד קענטאָקי האָום"... ערגעץ האָט זיך אַ הונט אָפּגעריסן פון קייט און בילט אַנטקעגן הימל...

דריי מינוטן, צוויי, איין מינוט, דרייסיג סעקונדן! איינס-צוויי-דריי. אַ פייף רייסט זיך דורך דער לופט. טריט! נאַכט טריט. ראַט טאַט-טאַט. פייער שפּיזן גלימשען זיך דורך דער פינסטערניש. דער ווינט דרייט, וויל אָוועקטרייבן די נאַסע לופט. פלאַמען! פייער! דאָ-אָרט! די שאָטנס פאַרגליווערט, דער גאַנצער ברעג ברענט! פייער נאָמבער דרייסיג. פייער נאָמבער צען. גרויסע פלאַמען ליכט! אור-אור-הו! מאַסן ברומען! געשרייען! ראַט-טאַט-

טאַט. קוילן! פייער פלאַם מענטשן קנוילן! ברומען טויזנט ווינטן, און די פלאַמען ווילן דערגרייכן דעם הימל. זאָל ברענען ערד און הימל. פון פייער קומט מען אַרויס געלייטערט.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער ברעג געווען איינגעטונקט אין פלאַמען. מיט דעם פרימאָרגן האָט זיך אָן אייזיגע זון צוגאָסן איבערן ברעג. שפּיצן שוואַרצע האָבן זיך נאָך געסמאַליעט. שוואַרצע האַלעוועש־קעס האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון.

מידאַס׳ן האָט מען געפונען ניט ווייט פון פייער. עטלאַכע קוילן האָבן דערגרייכט זיין האַרץ און איר פאַרשטיינערט. ער איז געלעגן קעגן דער זון. דער האַלב־פאַרברענטער פּנים מיט די ווייסע ציין האָבן געלאַכט צום הימל. אַזוי איז געשטאָרבן מידאַס. מיט דעם פאַרברענטן פּנים און די בעסטע האַרץ וואָס אַ מענטש האָט געהאַט. גרויס איז געווען זיין ליבע—גרעסער זיין האַס! ער האָט געוואָלט אָנצינדן די וועלט אין פלאַמען. דערנאָך זאָלן אַנ־דערע בויען אויף די חורבות.

אין מיין חדר האָב איך געפונען אַ בריוו פון פלאָרענס׳ן. זי האָט געשריבן מיט אַ ציטערדיגער האַנט:

„ליבינקער מיינער! איך ווייס, דו וועסט ניט ברוגז זיין. איך טו וואָס איך קען צו מאַכן מיין נאָמען ריין אין דיין האַרצן. איך און מידאַס האָבן געמאַכט דעם פּלאַן וועגן פייער! איך האָב אַ פאַרגעפּיל, אַז דאָס איז מיין לעצטער טאָג מיט דיר. איך טו וואָס איך קען. איך וועל רוען אין פרידן אַז איך וועל וויסן, אַז איך האָב מיט עפּעס געהאָלפן די הונגעריגע. איך ווייס ניט פון בעסערס.

„אַ שווער לעבן איז געווען מיינער. און דו, מיט דיין גרויס האַרץ, וועסטו זיכער מיר פאַרגעבן.

„זיי געזונט, ליבינקער. דערמאָן מיר. דיינע, פלאָרענס“.

איר קערפּער האָט מען ניט געפונען. אָבער אין מיר וועט ברענען דער פייער ביז צום ענד פון קאַמף...